# ספר בוסק

## לזכר הקהילה שחרבה

בעריכת
אברהם שיירי

בהוצאת ארגון יוצאי בוסק בישראל

# התוכן - אינהאלט

# דבר הועד

באסיפת האזכרה בחוהמ״פ תשכ״ב, 22.4.1962, בחיפה, בנוכחות האורחים עסקנינו הה׳ אשר פדווא, שמאי ציפער ורעיתו מרי מניו־יורק, צבי פליסר מוינה, הוחלט, לפי הצעת היושב־ראש מר א. שיירי להנציח זכר קרבנות עירנו בשואת מלחמת העולם השניה על־ידי הוצאת ספר־זכרון.

האסיפה החליטה ומספר מצומצם ביותר של עסקנים קבלו על עצמם התפקיד לבצע ההחלטה הלכה למעשה ולתרגמה לשפת מעשים. ודא עקא: נתקלנו בקשיים רציניים באיסוף חומר עובדתי, והורגש חוסר משווע בתמונות ותצלומים מהעיר גופא בכלל ומתקופת השואה בפרט.

תקציב מתקבל על הדעת לא עמד לרשותנו ומשום כך לא אופשרה מסירת העריכה לבעלי מקצוע העוסקים בשכר.

אין ספק, כי היקפו, מספר הצילומים שיש להם ערך צבורי, הנם בבחינת חסר בה׳ הידיעה. אולם בהתחשב עם האמצעים, אשר עמדו לרשותנו, ובהתחשב עם זה, שהעבודה נעשתה בהתנדבות, גם זו לטובה.

את פרקי ההיסטוריה ביידית כתב המלומד־הרכז של „יד ושם״ מר נחמן בלומנטל. בעברית ובאנגלית כתב מר א. שיירי. למר בלומנטל אנו מביעים רחשי הוקרה ותודות.

מעל דפי הספר מן הראוי לברך את מר אברהם שיירי, יושב־ראש הועד, ב„יישר כח״. הודות למאמציו ואמונתו הבלתי מעורערת בצדקת דרכו־שאיפתו להגשמת הרעיון, יכלנו למשימה רבת המכשולים.

הננו מודים למוסדות וליחידים בכל אתר ואתר ולידידינו בניו־יורק, אשר נתנו ידם לביצוע ההחלטה ולהוציאה אל הפועל.

לחסידי אומות העולם בני עירנו וביחוד למשפחת מלקיעביץ אשר שמו נפשם בכפם להצלת נפשות, נתנה מחסה בביתם לחמש בנות העיר והודות לה

**ניצלו וארבע מהן חיות עמנו בישראל — כבוד ויקר!**

**ספר־הזכרון מוקדש לזכר הקרבנות היקרים בני עירנו, שניספו על לא עוון בכפם, אשר נכרתו והוכחדו בידי קלגסי־היטלר ועוזריהם מכל הלאומים.**

**ישמש הספר עדות נוספת לדראון עולם, כפרק מחריד ביותר בתולדות האנושות בכלל ועם ישראל בפרט.**

**סבא של איל**

**בשם הועד**



אברהם שיירי (יו"ר), סילויה קנוסוף (גזבר), ישעיהו קרוון (מזכיר)
שמואל שרי, מנוס פדווא.

## דאס ווארט פונם קאמיטעט

דעם 22 סטן אפריל 1962, אויף דער אזכרה פארזאמלונג אין חיפה מיט דער באטייליקונג פון אונדזערע חשובע געסט און כלל טוער: אשר פאדווע, שמאי ציפער און זיין פרוי מערי פון ניו־יארק און צבי פליסער פון ווין, איז באשלאסן געווארן צו פאראייביקן דעם זכר פון דער אומגעבראכטער יידישער קהילה אין בוסק דורכן ארויסגעבן א יזכור בוך.

די געצייילטע חברים וועלכע האבן גענומען אויף זיך דעם שווערן עול פון דער דאזיקער שליחות האבן זיך אנגעשטויסן אויף קאלאסאלע שוועריקייטן ביים זאמלען מאטעריאלן וועגן שטעטל הן פון פאר דער מלחמה און הן פון דער צייט פון יידישן אומקום. עס האט אויך געפעלט א אנטשפרעכענדיקער בודזשעט כדי צו קענען איבערגעבן די ארבעט אין די הענט פון שרייבער און רעדאקטארן־שפעציאליסטן. מען האט דעריבער געמוזט מאכן די גרויסע ארבעט מיט די באשיידענע מיטלען און מיט די אייגענע הענט.

עס פעלן דעריבער אינם בוך פיל היסטארישע פאטאגראפיעס און דאקומענטן וועלכע וואלטן געדארפט בולטער אילוסטרירן דאס לעבן און שאפן פון אונדזערע קדושים, אבער מיר האבן געטאן אלץ וואס עס האט זיך געלאזט טאן אין אונדזערע באדינגונגען מיט די זייער באשיידענע מיטלען וואס זענען געשטאנען אין אונדזער רשות.

דעם היסטארישן טייל אין יידיש, האט געשריבן דער באקאנטער געלערנטער, שואה־פארשער און רעדאקטאר פון „יד ושם" נחמן בלומענטאל וועלכער פארדינט דערפאר אן אמת'ן יישר כוח.

דעם היסטארישן טייל אין עברית און אין ענגליש האט געשריבן דער פארזיצער פון אונדזער פאריין אברהם שיירי, וועמען מיר ווילן ביי דער געלעגנהייט באדאנקען פאר זיין אומדערמידלעכער ארבעט ביים ארויסגעבן דעם יזכור בוך. אברהם שיירי איז געווען דער פארשלאג געבער און רעדאקטאר און בלויז א דאנק זיין שטארקן ווילן און עקשנות איז דערמעגלעכט געווארן דאס דערשיינען פון ספר.

מיר דאנקען דא אויך אלע וואס האבן צוגעלעגט א האנט צו דער דאזיקער הייליקער ארבעט, באזונדערס אונדזערע ברידער און פריינט פון ניו־יארק.

זאלן דא צום שבח דערמאנט ווערן די חסידי אומות העולם פון אונדזער שטאט; די פאמיליע מאלקיעוויטש, וועלכע האט מיט אייגענער לעבענס־געפאר, אויסבאהאלטן ביי זיך אין שטוב פינף יידישע מיידלעך און זיי געראטעוועט אזוי ארום פון די נעגל פון דער היטלעריסטישער בעסטיע. פיר פון די געראטעוועטע מיידלעך לעבן היינט מיט אונדז אין ישראל.

זאל אונדזער בוך דינען אלס עדות פון א טראגישער און גרויזאמער תקופה אין דער געשיכטע פון אונדזער פאלק.

זאל דאס יזכור־בוך זיין די אייביקע מצבה פאר אונדזערע קדושים.

דער קאמיטעט

אברהם שיירי, סילויה קנוסוף,

ישעיהו קרוון, שמואל שרי, מנוס פדווא.

# באגריסונג ווארט פון "בני ברית" אין ניו־יורק

אין נאמען פון בוסקער „בני ברית" און די בעאמטע, ווילן מיר דאנקען דעם „ארגון יוצאי בוסק בישראל" פאר געבן אונדז די מעגלעכקייט בייצוטראגן א ביסל געשיכטע פון די לאנדסלייט אין ניו־יארק. זאל דאס דינען אלס פארבינדונג פון ברודער און שוועסטער פון ביידע זייטן אטלאנטישן ים, ווייל די טיפע וואסערן האבן דערווייטערט בלויז פיזיש איינעם פונם צווייטן. מיר אין ניו־יארק און איר אין ישראל זענען רינגעלעך פון איין לאנגער קייט וואס ציט זיך איבער דורות און פלעכט צענויף אין איין גאנצקייט דעם יידישן קיום וואס איז צעשפרייט איבער אלטע און נייע היימען.

מיר אין ניו־יארק האבן אויף אונדזער בית עולם געשטעלט א מצבה די קדושים פון בוסק, איר אין ישראל שרייבט די געשיכטע, א ספר זכרון איבער דעם לעבן און אונטערגאנג פון די בוסקער יידן.

בוסק איז היינט פוסט און אויסגעליידיקט. נישטא קיין שפאר און קיין צייכן פון יידישן לעבן. מיר גלויבן און האפן, אז פון די איבערגעבליבענע וועט אויסוואקסן א נייער דור „אשר ידע את יוסף", וואס וועט פארזעצן די גאלדענע קייט און נישט פארגעסן די דאזיקע וואס זענען אונדז טייער געווען.

זאל דאס בוך אונדז דערמאנענ זייערע פריידן און ליידן. זאלן אויך אונדזערע קינדער און די קומענדיקע דורות וויסן וועגן דעם חורבן, נישט פארגעסן די נאצישע מערדער וואס האבן אונדזערע ליבסטע אויף א שוידערלעכן און טראגישן אויפן אומגעבראכט.

געבענטשט זאלן זיין די אלע וואס זענען עוסק מיטן שרייבן דעם בוך וואס וועט פאראייביקן דעם אנדענק פון אונדזערע קדושים.

אין דעם זכות זאל אייך גאט שטארקן, געבן כוח און העלפן אין אייער וויכטיקער ארבעט.

**מיר בני ברית אין ניו־יארק, באגלייטן אייך מיט דער תפילה: „אנא, הושיעה נא, אנא, הצליחה נא“. יישר כוח! זייט מצליח!**

אונטערגעשריבענע:

אירווינג שטולצענבערג (פרעזידענט)

אברהם זיגלער (וייס־פרעז)

שמאי ציפער (פינאנס סעקרעטאר)

נתן זיגלער (קאסירער)

סול צוקער (פראטאקאלאנט)

ישעיהו פארער (פרעז. גמילת חסד)

מרדכי לייב גרובער (חסד של אמת)

# בשער

בדחילו ורחימו, תוך חרדת קודש קבלתי על עצמי את המשימה כבדת האחריות להציב מצבת־זכרון לקהילת בוסק אשר חרבה. חומר גלם לא היה בידי, כי לא שרדו פנקסים, רשימות, תעודות מהימנות כלשהם. ניטלה אפשרות הגישה לעיון במיסמכי העיר, לחטט בארכיון של בית־המשפט הממלכתי, להפוך בגנזכים של משרדי הממשלה והרשות המקומית, בהם ייתכן ונגנזו במשך מאות בשנים תעודות הנוגעות לאוכלוסיה היהודית.

אין לתאר, ממש לא יאומן כי יסופר, איך וממה התחלתי ועל מה הונח מסד העריכה, נדבך על גבי נדבך.

בת ובן עיר, חבר, ידיד, קורא נכבד!

אתך הסליחה על החומר החסר בספר. נסתמו לפני מעינות ומקורות לשאיבת ידיעות בכתב ובעל־פה וזמן פנוי לא עמד לרשותי, כי לא בן חורין אני.

לית מאן דפליג, כי מסיבות שהזכרתי לעיל — החסרתי אי־אלה ערכים כגון: מוסדות צדקה, הווי חסידי מגוון, תלמידי־חכמים, עסקנים ופעילי מפלגות, אישים וכו׳ ועל כל החסר והפגום עם הקורא הסליחה.

יהי רצון, ועל אף הליקויים ישמש הספר מצבת זכרון בזעיר אנפין לבני העיר וכל אחד ימצא בו משהו שאבד, נכרת ואיננו עוד.

קבלו נא את הספר כמושהו ללא תרעומת. כנה היתה הכוונה. עמל, יגע, יזע וזמן רב ויקר השקעתי בו.

אני מודה לכל אלה אשר לאחר פניות לא מעטות והפצרות נענו לי.

בראש וראשונה אני מודה למר נחמן בלומנטל, אשר ניאות לכתוב את פרקי ההיסטוריה באידית.

לידיד נעורים של המשורר דוד קניגסברג מבוסק, העתונאי מנדל זינגר עבור רשימתו — הערכתו — תודה!

לפרופסור דב סדן, גאון הפולקלור היהודי, עבור פרקו עשיר התוכן, תרומתו להנצחת העיר, יישר כח, כה לחי!

לסופר הדגול ש"י עגנון, עבור הפרק השלישי „מעשה קדירה" מספרו „הכנסת כלה", מוקדש לבעל העגלה ר' נטע יליד בוסק, רב תודות!

למשורר שמשון מלצר, עבור ההערכה לידידו המורה העברי האחרון בבוסק, יליד עירנו ומשוררה אלעזר שמואל ברקון — רחשי־תודה.

למזכיר הועד של ארגון יוצאי בוסק בישראל מר ישעיהו קרוון נתונה אהדתי.

לידידי מניו־יורק: האחים אשר וישראל פאדווא, רעגינה קרמניץ, שמאי ציפער ולאחרים, אשר איפשרו הוצאתו של הספר — מיטב הברכות ואיחולי הלבביים להתגשמות חלום שאיפותיהם לעליתם לישראל!

חן, חן לכולם!

אברהם שיירי
העורך

# בשער

בדחילו ורחימו, מיט א הייליקן ציטער האב איך גענומען אויף זיך די גרויסע פאראנטווארטליכקייט אויפצושטעלן אן אנדענק פאר אונדזער חרוב — געווארענער קהילה בוסק. גארנישט איז געבליבן, נישטא קיין זכר פון די פנקסים פון דער קהילה און נישטא קיין שום אפיציעלע דאקומענטן וואס באציען זיך צו דער יידישער באפעלקערונג, נישט אין די ארכיוון פון רעגירונגס אמטן אדער מוניציפאלע אינסטיטוציעס. די שרעקליכע קאטאסטראפע האט אלץ אָפגעווישט דערפאר איז שווער, איצט נאָכן דערשיינען פון בוך זיך פארצושטעלן וויאזוי דאָס איז געמאכט געוואָרן און אויף וואסער פונדאמענט דאס איז געווארן געבויט. ווייל נאר די טיפע איבערגעבענקייט צום ענין — האט דערפירט צו דעם, אז היינט געפונט זיך אין דיין האנד דאס בוך פון אונדזער פארשניטענער קהילה.

שוועסטער און ברידער, שטעטישער פריינד און השובער לייענער!

זייט מוחל פארן פעלנדיקן אינעם ספר, פארן נישט דערשריבענעם. וואס עס האט זיך נאר געלאזט געפונען — געפונט זיך אין בוך, ווייל אין דער צייט וואס איז געשטאנען צו מיין דיספאזיציע האב איך אנגעשטרענגט אלע מיינע כוחות כדי אויפצוזאמלען וואָס מער פאקטן און מאטעריאלן פארן בוך.

עס איז מעגלעך אז עס זענען צו ווייניק באשריבן געווארן די אדער יענע ארגאניזאציע, יוגנט גרופע אדער סאציאלע הילפס־פאריינען וועלכע זענען געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם יידישן בוסק פארן חורבן — איך האב אויסגעשעפט אלע מעגלעכקייטן וואס זענען געשטאנען אין מיין רשות און דענק, אז טראץ אלע פעלערן וועט דאס בוך זיין א ווירדיקע מצבה פאר אונדזערע פארשניטענע שוועסטער און ברידער און יעדער פון אונדז וועט דארט געפונען עפעס נאנטס וואס איז געווען און איז מער נישטא.

נעמט אן דעם ספר אזוי ווי ער איז אן פארווורפן, די כוונות זענען געווען גוטע.

איך דאנק די אלע וועלכע האבן זיך פאזיטיוו אפגערופן אויף מיין רוף און מיטגעהאלפן אויפצובויען דאס דאזיקע ווערק.

דעם ד"ר נחמן בלומענטאל פאר דעם היסטארישן טייל אין יידיש.

דעם זשורנאליסט מענדל זינגער — דעם געוועזענעם חבר פונעם בוסקער פאָעט דוד קעניגסבערג.

דעם שרייבער ש.י. עגנון, פארן קאפיטל „מעשה קדירה״ וואס שילדערט דעם בעל עגלה ר׳ נטע פון בוסק.

דעם פראפעסאר דב סדן, בארימטן פאלקלאריסט, פאר זיין גייסטרייכער ארבעט. כה לחי!

דעם משורר שמשון מלצר, פאר זיין אפשאצונג וועגן לעצטן העברעאישן לערער אין בוסק, אליעזר שמואל בערקון.

דעם סעקרעטאר פון פארבאנד חבר ישעיהו קאראוואן.

מיינע גוטע פריינט פון ניו־יארק, די ברודער אשר און ישראל פאדווא, רעגינא קרעמניץ, שמאי ציפער און אנדערע, פאר זייער מאטעריעלער און מאראלישער הילף און מיטארבייט.

אברהם שיירי
רעדאקטאר

## פון דער רעדאקציע

דער מאטעריאל אין יידיש, פארמאגט נישט קיין איינהייטלעכן אויסלעג און די רעדאקציע געפונט פאר נויטיק אויפצוקלערן די סיבות:

א) די ארטיקלען וועלכע זענען איבערגעדרוקט געווארן פון דער אמעריקאנער פרעסע, האבן מיר בכוונה געלאזט אזוי ווי אין אריגינאל.

ב) דאס ארטיקל פון חשוב׳ן פראפעסאר דב סדן, וואס איז געשריבן אינעם אריגינעלן שטעטלדיקן דיאלעקט — גיט א דאנק דעם איבער די גענויע אטמאספער און שטימונג פון דער דאזיקער טרויעריקער און אונפארגעסלעכער צייט.

ג) אין די איבריקע ארבעטן, וואס זענען געשריבן געווארן פריי דורך פארשידענע פריינט, האבן מיר אפגעהיט די אנגענומענע כללים פון דער מאדערנער ארטאגראפיע פון דער יידישער שפראך.

א. ש.

**אברהם שיירי**

# ואלה תולדות בוסק

העיירה בוסק שוכנת בגליציה המזרחית, מרחק של שלשים וששה קילומטרים מהכרך לבוב (למברג), שלשים וששה קילומטרים מהעיר ברודי וכשלשים קילומטרים מזלוצ׳וב, עיר הולדתו של מחבר „התקוה" המשורר אימבר. תחנת הרכבת של בוסק מרוחקת מהעירה ששה קילומטרים ונמצאת בכפר קרסנה. תחנת קרסנה היא צומת הסתעפות של פסי מסילה המובילים לכל הכוונים; ללבוב מערבה, זלוצ׳וב—טרנופול, ברודי, רובנו מזרחה — לרוסיה. לתחנת הרכבת וממנה העירה נהגו לנסוע ב„דליז׳נסים", סוסים רתומים לעגלות, וזו היתה פרנסה, „מונופול" בלע"ז של אחדים מיהודי בוסק.



בנין תחנת הרכבת — הקיסר קרל מבקר בקרסנה

**השם בוסק BUSK מוצאו מהמלה הרוטינית „חסידה" ומשום כך גם סמלה של העיר „חסידה". הסמל בדמות חסידה מעשה ידי חרש הוצמד לגגון של קיוסק בככר השוק של העירה RYNEK.**

בוסק בנויה על גבעה, מוקפת נחלים ונהרות. הנהר המפורסם הנודע **בוג** BUG חוצה את העירה לשניים ולתוכו ממזרח משתפך **הפלטב** PELTEW וממערב זורמים לתוכו הנחלים — רוקיטנה וסולוטבינה. עם הפשרת השלגים באביב, הנחלים והנהרות עוברים על גדותיהם והעירה דומה לאי קטן בים, לכעין „ונציה" בזעיר אנפין. בשוך השטפונות ונסיגת המים — משאירים מאחוריהם על כרי הדשא והאחו הנרחבים אשר מסביב לעיר אגמי מים וביצות וזוהי גם סיבת הריבוי של קני החסידות בסביבה.

העירה מוקפת ששה פרברים מאוכלסים פולנים ורוטינים עובדי אדמה, בעלי מלאכה ואחרים. בכל פרבר התגוררו מספר משפחות של יהודים, אשר עסקו בחקלאות, מסחר קמעוני כמו: מכלת, מכירת סיגריות, „טראפיק", סוחרי בקר ותבואה וגם בעלי מלאכה זעירים.

שמות הפרברים:

1) ליפי בוקי,
2) ניעמיעצקי בוק,
3) דלוגה סטרונה,
4) קרוטקה — סטרונה,
5) וולאני,
6) פודזאמצ'ע.

בוסק היתה מבחינה אדמיניסטרטיבית כפופה לשליט, קצין המחוז STAROSTA ומקום מושבו בעיר הסמוכה קמיונקה סטרומילובה ולשלטונות הממונה על הגליל כולו בעיר טרנופול WOJEWODZTWO.

סביבת בוסק עשירה בחקלאות וביערות עד וזה איפשר לאכרי הכפרים לעסוק בגידול בקר, סוסי עבודה ומירוץ ויהודי בוסק באו במגע מסחרי עם האכרים וסחרו בבקר ותבואה במובן הרחב ביותר של המושג והתפרנסו בכבוד.

מספר רב של חוות חקלאיות בכפרי הסביבה היו בבעלותו של הרוזן באדני. פולני, פטריוט אוסטרי ממקורבי משפחת המלוכה ההאבסבורגית בוינה. ארמונו המפואר של הרוזן באדני נבנה בגן נוי, „פארק", בטבורה של העיר. יהודי בוסק ובעיקר סוחרי הבקר, התבואה והעצים (יערות) היו מבאי ארמונו של הרוזן, אשר קיים בתוך העיר עצמה משק חקלאי, גן ירק ופרחים. הרוזן העדיף וביכר לסחור עם יהודים דוקא, איפשר להם להתפרנס מחוותיו ויערותיו. בבוסק עצמה היה לרוזן גם בית חרושת לבירה BROWAR.

הרוזן קזימיעז' באדני עסק במדיניות פעילה ולפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה שימש ראש ממשלתו של המלך פרנץ יוסף הראשון לבית האבסבורג בוינה. הרוזן ביקר לעיתים מזומנות בעירו בוסק והתגורר כמובן בארמונו. הרבה להתעניין במצבם של יהודי העיירה, אף ידע לקרוא רבים מ„יהודיו" בשמותיהם הפרטיים ושוחח עמהם באידית „מאמע לשון". מספרים, כי לא פעם דאג לפטור דלי היכלת מתשלום מיסים עירוניים. זאת ועוד; מדי בוקר נהג הרוזן „גראף" בלע"ז לסייר ברחובות העיר רכוב על סוסתו הלבנה. ברחוב

הראשי מול הככר־השוק היה גר בעל החנות לסיד בשם ראובן גראף. הרוזן „גראף" מיהר והקדים לברך את סוחר הסיד אשר עמד בפתח חנותו: „גוט



בית חרושת לבירה

מארגען, הער גראף" הפירוש: בוקר טוב, אדוני הרוזן—(גראף) לסוחר הסיד. מן הראוי לציין, כי נכדו, השריד היחיד ממשפחת הרוזן באדני, קזימיעז' חי כקרדינל במינזר השתקנים בעיר הקדושה לנוצרים בפולין צ'נסטוכוב.

בוסק, לפי מקורות היסטוריים, היא עיר עתיקת יומין. כבר במאה האחת עשרה נלחמו על בעלותה נסיכים ורוזנים פולניים והעיר עברה מידי נסיך אחד למישנהו והחל מהמאה התשע עשרה היתה בוסק בבעלות משפחת הרוזנים באדני. על מועד מדוייק לבוא היהודים לבוסק אין מקור מוסמך. אולם בשנת 1510 הוציא המלך זיגמונט הפולני צו, כי למועצת העיריה ייבחרו רק נוצרים. מצו בלתי משתמע לשתי פנים זה מסיקים, כי כבר היו בה תושבים יהודים. כ"כ ממשפטים אשר התנהלו נגד יהודים בשנים 1500 והלאה אפשר ללמוד, כי היתה קיימת גם עיר עתיקה ובה רובע יהודי, הוה אומר „גיטו".

לפי מקורות מהימנים, היתה בוסק קהילה מבוססת אם כי מבחינה ארגונית לא הוו קהילה עצמאית, אלא מסונפת ונתונה למרות קהילת לבוב. במאה השבע עשרה עם התגברות המאבקים הפוליטיים בפולין וביחוד באיזוריה המזרחיים, ירד מאד מעמדם של יהודי העיר ונתדלדלו לחלוטין וכמו בכל ערי פולין, נהרגו גם בבוסק הרבה מתושביה היהודיים. בסוף המאה השבע

עשרה יש הוכחות ברורות, כי יהודי בוסק, כארבע מאות נפש, היו עניים הנלחמים קשות על קיומם היום יומי.

הודות לעובדה שבוסק מבורכת בנהרות ובנחלים, הפכה לנקודה אסטרטגית במלחמות של כל הדורות. כל חזית לא פסחה על העיר וכל צר ואויב התבצר והתחפר מעבר לנהר בוג הן בהתקדמויות והן בנסיגות הואיל ולפי תנאי הזמן ואמצעי הלחימה בימים ההם היה הנהר בוג משמש מכשול טבעי־רציני להתקדמות צבאות מתקיפים. העיר היתה איפוא מופגזת משני כווני החזית. בתיה נהרסו ונשרפו. תושביה נהרגו ונשדדו וכרגיל יותר מכל התושבים סבלו היהודים; מהטטרים, הטורקים, השודים, הקוזאקים, הרוטינים, הבולשביקים והפולנים.

בשנת 1772 באה יציבות שלטונית על חלקי פולין המזרחיים וגליציה עברה לדאגת השלטונות של המונרכיה האוסטרית, אשר שקדה לבנות הריסותיה וכל המחוז של בוסק על כפריה קם לתחיה וחל שיפור ניכר בשטח הכלכלי ובמובן החברתי. מלכי בית הבסבורג האחרונים: הקיסר פרנץ יוסף הראשון וקרל הראשון הנהיגו משטר ליברלי בגליציה והושלט בה יחס סובלני לגבי היהודים ודתם.

החל משנות השישים של המאה התשע עשרה, הוטב המצב הכלכלי של היהודים בכל חלקי שטח החסות האוסטרית — וגם בבוסק עבר כל המסחר או כמעט כולו לידי היהודים. מבחינה חברתית, קהילתית נהנו היהודים מחופש יחסי, מכעין אוטונומיה פנימית מסויימת. הותר ליהודים לרכוש אדמה, חוות חקלאיות ויהודי בוסק חכרו אחוזות, קנו מגרשים בעיר ובנו בתים.

בעת ההיא חי ופעל רבות בבוסק משכיל יליד המקום ד"ר ליאו שפס. שפס גמר חוק למודיו בפקולטה לרפואה בלבוב, השתלם בוינה, חזר לבוסק ושימש בה רופא ועסקן צבורי ופעל רבות בשטח התברואה בקרב האוכלוסיה היהודית.

בנו של הרופא שפס, מוריץ, גם כן יליד בוסק (1833), למד בגימנסיה ובאוניברסיטה בלבוב ומשנת 1854 למד רפואה בוינה. לא סיים למודיו או שנות השתלמויותיו, אלא התמסר לעתונאות. למוריץ שפס היתה בשנים 1882 ואילך השפעה עצומה על בית המלוכה בוינה וביחוד אחרי שהתידד עם יורש העצר רודולף, אשר התאבד ב־31.1.1889 במאירלינג. שפס הטיף בעתונו „נייעס וינער טאגבלאט" למשטר ליברלי דמוקרטי, — לטובת אוריינטציה פוליטית אוסטרית צרפתית, במקום ההתקשרות עם גרמניה הפרוסית.

יליד בוסק מוריץ שפס קיים גם איפוא יחסי ידידות עם מדינאי צרפת כמו: ג'ורג' קלמנסו ואחרים. קשריו עם מדינאי וסופרי צרפת היו מן ההדוקים ביותר. די לציין את העובדה, כי בתו של מוריץ סופיה נישאה לפאול קלמנסו, אחיו של ג'ורג' הנמר הגדול, פאר המדינאים של צרפת בסוף המאה הקודמת ובמאה העשרים, ראש ממשלת צרפת במלחמת העולם הראשונה.

אם כי אין לזה כל קשר לתולדות בוסק, אולם לשם המחשת אישיותו ומעמדו של מוריץ שפס בצמרת החברה הצרפתית, מן הראוי לסקור בקצרה מיהו קלמנסו האיש, אשר את ידידותו רכש יליד בוסק:

ג׳ורג׳ קלמנסו (1929 — 1841) רופא, עתונאי בחסד עליון. לחם ללא ליאות נגד עוות הדין ביחס לדרייפוס והטיף להפרדת הכנסיה מן המדינה. מ־1871 חבר הפרלמנט וראש המדברים של הרדיקלים בצרפת. סנטור. בשנים 1906—9 ו־1917 עד 1920 ראש הממשלה (ממשלת הנצחון) ומיניסטר המלחמה. נשיא ועידת השלום של ורסאיל. הוא הכריע בקביעת נוסח הפשרה של חוזה ורסאיל.

מספרים, כי ביום בו חגגה צרפת יחד עם בנות בריתה את יום הנצחון על גרמניה והמוני העם שרו, רקדו והריעו בחוצות פאריס, הסתגר קלמנסו במשרדו והזיל דמעות, באשר לדעתו, לא היה זה נצחון מלא וסוף המלחמה. כבר אז חזה קלמנסו, כי גרמניה תשוב להתכונן למלחמת נקם וקרבנה הראשון תהיה צרפת. לדעת קלמנסו, בניגוד לעמדת נשיא ארצות הברית וילסון, היו צריכים לחלק את גרמניה בין בנות הברית המנצחים לאלתר והיה נמנע אסון מלחמת העולם השניה!

ג׳ורג׳ קלמנסו כמתואר, היה ידידו של שפס יליד בוסק ואף מחותנו. (יש להעיר, כי בתו סופיה לא המירה דתה ונישאה לפאול בנשואין אזרחיים). הדבר מוכיח באיזו מידה היכה שפס והעמיק שרשים בחיי החברה של אוסטריה וצרפת ומה גדולה היתה השפעתו על מדינאים וסופרים בתקופה הקלסית של צרפת המתקדמת והצועדת בראש העולם הנאור.

בהשפעת מוריץ שפס, ביקר ג׳ורג׳ קלמנסו בבוסק וגם את קבר אביו של מוריץ בבית הקברות היהודי. אחר הביקור בבוסק כתב קלמנסו מאמר, בו הוא מתאר את תושביה היהודיים בערך כדלקמן:

פרט לחסידות, אוזים ובר־אוזים, מיושבת בוסק ע״י יהודים אדוקים ועניים מרודים. עוסקים במלאכת יד ובכל מיני ענפי מסחר זעיר, „רוכלות״. יהודים אלה לבושים בגדים קרועים בלויי סחבות ואין ספק שלא מטעמי חסכון, אלא מחמת העוני בו הם חיים ופשוט מעוררים רחמנות. קשה לקבוע אם הם מצטערים על מצבם העלוב, הואיל והם מחייכים תמיד תוך כדי התרפסות[1].

על אף העובדה, כי שפס היה מדינאי, עתונאי, הוגה דעות רעיונות מתקדמים, התחנך וחי בוינה בחברת רוזנים, נסיכים, מדינאים וסופרים וכו׳, בכל זאת לא התכחש ליהדותו כדרכם הנפשעת של רוב המשכילים של התקופה ההיא, לא בז לעמו ולא התבייש בעיר מולדתו. ביקר בה במטרה להשתטח על קבר אביו.

השם „שפס״ לקוח ובא כנראה מהשם „שבתאי״ (צבי). לפי מקורות בלתי מהימנים היו בבוסק לתנועה המשיחית של שבתאי צבי מעריצים או נקרא להם חסידים, נוטים־אוהדים ויש טעם להסתמך על הגירסה, כי משפחת שפס נגררה גם היא אחרי השבתאים ואחרי כן פנתה עורף לתנועה, חזרה בתשובה וסיגלה לעצמה את השם „שפס״, הוה אומר: השם השתבש מ„שבתאי״ ל„שפס״.

---

1 המאמר של קלמנסו מתפרסם במלואו בתרגומו האנגלי:
AT THE TOOT OF SINAI — BUSK

מוריץ שפס נפטר בשנת 1902 בוינה. בן 69 היה במותו.

מספר שנים לפני מלחמת העולם הראשונה ב־1914 עם הווצרות אפשרויות הגירה לאמריקה הצפונית, נטשו את העיר בעלי מלאכה מחוסרי עבודה וחסרי מקצוע, אשר קרקע הקיום בבוסק נשמט מתחת לרגליהם, והגרו לאמריקה. ביניהם קרוון, קיהן, אחריהם מקס קרמניץ ורעיתו רעגינה העסקנית רבת הפעלים, כיום נשיאת ארגון הנשים יוצאות בוסק בניו יורק.

בפרוץ מלחמת העולם הראשונה, מילטו רבים מתושבי בוסק היהודיים נפשם מפני הפולש הרוסי. פליטי בוסק נדדו ובחלקם הגיעו עד לבירת אוסטריה וינה, אחרים נקלעו לבוהמיה ולמונקץ שבהונגריה. הפליטים הסתגלו עד מהירה לתנאים החדשים בחבלים אשר אליהם לא הגיעו חזיתות המלחמה, שם הסתדרו איכשהו, ניצלו את הקוניוקטורה של שנות המלחמה ובחלקם לא חזרו עוד לבוסק. עם גמר מלחמת העולם והתמוטטות המשטרים המונרכיים כמו: הממלכה האוסטרית, הגרמנית והרוסית ועל חורבותיהן קמו מדינות דמוקרטיות עצמאיות, עברה גליציה אחרי קרבות בין רוטינים, בולשביקים ופולנים, לידי פולין העצמאית. המלחמה העולמית מ־1914 עד 1918 ולאחר מכן המלחמות הלוקליות, אשר לא



ועד ציוני מקומי עם ד"ר קוטן.

פסחו על בוסק, רוששו את האוכלוסיה היהודית ושוב עם פתיחת שערי הכניסה לאמריקה פרץ גל הגירה, גברה והלכה בקרב יהודי בוסק חסרי תקוה להסתדר מחדש ההגירה לארצות הברית. בין מהגרים אלה נמנים גם איפוא חשובי עסקנינו בניו־יורק: שמאי ציפער והאחים ישראל ואשר פדווא ואחרים.

החל משנת 1920, עם התבססות המשטר הפולני בבוסק, חזרו לאט לאט החיים למסלולם התקין, הגם מלווים לעתים בהתפרצויות וגזירות אנטישמיות.

בהשפעת תנועת התחיה הלאומית בעולם, התארגנו בעיר תנועות נוער ומפלגות פוליטיות־ציוניות. בעזרת יוצאי בוסק בבוסטון שבאמריקה נוסדה קופת גמילות חסדים לעזרה הדדית ובראשה העסקן הציוני הד״ר שבתאי קוטין המנוח. ביזמתה הברוכה של העסקנית המשכילה רוזה קוטין נוסד בתמיכת הבוסקאים בבוסטון ה״ה קרוון — קיהן בית יתומים, אשר קלט כארבעים יתומי העיר. הוקם מטבח להאכלת נזקקים וילדים עניים...

## אוכלוסית בוסק בפולין העצמאית, לפי מספרים:

בשנת 1921, יהודים: 1.533 נפשות, מתוך אוכלוסיה כללית של 6.148 נפשות. % 24.9 יהודים.
בשנת 1931, יהודים: 1.600 נפשות, מתוך אוכלוסיה כללית של 7.010 נפשות. % 22.8 יהודים.

## בשנות הכיבוש הגרמני־נאצי. יהודים:

בשנת 1941 בערך — 1.800 נפשות. בשנת 1942 בערך — 2.023 נפשות. בשנת 1943 כ־7.494 נפשות דחוסות בגיטו.

אחרי השואה עם הכרזת בוסק ע״י הנאצים כ„יודענריין״ לא נשארו עוד יהודים בבוסק. כיום חי ומתגורר בבוסק יהודי אחד שנשבה ע״י הרוסים במלחמת העולם הראשונה ומאז נעדר ממנה, חזר מרוסיה ושמו פרידמן, דודו של ד״ר בנימין פרידמן מניו יורק. לפי ידיעה מאוחרת בלתי מהימנה, גם יהודי אחרון זה נטש את בוסק השוממה מטוהרת מיהודיה. נסתם הגולל!

## מוסדות השכלה

בבוסק היו שני בתי־ספר ממלכתיים עממיים של שבע שנות למוד לנערות ולנערים. לא היה בית ספר תיכון לא ממלכתי ולא פרטי. בעלי היכלת שלחו ילדיהם ללמוד בבתי ספר תכוניים בערים הסמוכות: קמיונקה, סטרומילובה, ברודי, זלוצ׳וב או לבוב.

לעומת זאת רבו בבוסק מתלמדים אשר נבחנו והצליחו במיבחני הבגרות, המשיכו והשתלמו באוניברסיטאות ויצאו למרחבי העולם על תואריהם האקדמאיים, לשם רכישת דעת וחישול אופיים הרוחני באפיקים בין לאומיים.

בבוסק לא היתה „ישיבה״ במובן הרחב של המלה, לעומת זאת למדו בוגרי „החדר״ ב„קלויז״ ואצל מו״ה רבני העיר. שקדו וקנו דעת בפוסקים ובלמודי היהדות בכלל, רכשו השכלה כמתלמדים ואצל מורים פרטיים ולא חסרו ביניהם „מתמידים״ מלאים וגדושים בחכמת היהדות ובהשכלה כללית.

השפעת תנועת התחיה נתנה אותותיה והורגשה בעיר עם ראשית צמיחת הרעיון הציוני. כהוכחה לכך תשמש ההודעה הקצרה שהופיעה בעתון הוינאי „די וועלט" בשפה הגרמנית מאוקטובר 1903 המתפרסמת במלואה בסוף הפרק. משכילי הנוער ובחורי הקלויז למדו בהסתר עברית וכבר בשנת 1908 נוסד בבוסק בית ספר עברי ואורגנו קורסים ללימוד השפה. כמורה לבית הספר הראשון הזה הוזמן מר ישראל ברוך (האן) החי עמנו בישראל עד מאה ועשרים ותורם לספר פרק רב ענין ותכן, בו הוא מתאר בפרוטרוט את התקופה שפעל והרביץ תורה לילדי ומבוגרי בוסק.




ועד אגודת התקוה.

בתי הספר העבריים בבוסק, אשר נוסדו בשנות העשרים של המאה, חינכו דור של חלוצים עולים לארץ ישראל. הוציאו מקרבם יודעי תנ"ך, דוברי עברית, אשר למדו לאחר מכן והשתלמו בסמינריונים עבריים למורים, בגימנסיה העברית בלבוב ובמוסדות השכלה גבוהים וכו'.

בוסק היתה ערה ביותר בכל שטחי הפעילות הציונית. קמו בה תנועות נוער מסונפות לכל המפלגות הפוליטיות הציוניות כמו: השומר הצעיר, גורדוניה, הנוער הציוני „אחוה", בית"ר ועוד. לא חסרה גם אגודה ספורטיבית לכדורגל



קבוצת כדורגל „בר־ככבא".



קבוצת קן השומר הצעיר.

בשם „בר כוכבא". מפלגות: ציונים כלליים, התאחדות, רביזיוניסטים, פועלי ציון שמאל, יד חרוצים ואחרות.

לא נעדרה חלקה של בוסק בעליה השניה. למרבית הצער, לא זכורים לכותב השורות שמותיהם. אחדים מחלוצי העיר עלו לארץ ישראל גם בשנת 1919/20. נזכיר רק אחד מהם אשר למרות קשיי הקליטה, לא ירד מן הארץ, השתרש בקרקע המולדת, בנה ביתו במושב כפר יחזקאל, נטע משתלה ליצוא שתילים לארצות בהן האקלים זהה לזה של ישראל וזהו מאיר דרור (שור מהכפר הסמוך לבוסק יבלונובקה), מיסד קן השומר הצעיר בבוסק.

בוסק היתה חוליה רבת משקל בשרשרת הארוכה של תולדות עם ישראל בגולת אירופה. תרמה חלקה באופן יחסי לתנועת התחיה הלאומית ולבנין הארץ. בניה נמנו על פעילי ההגנה בימי המחתרת ולחמו את מלחמת הקוממיות לעצמאות ישראל. יהודי בוסק על קהילתם הקדושה הוכחדו, הושמדו והועברו מחיי העולם בצורה טרגית ביותר על ידי הרוצחים הנאצי־גרמנים. גורל אחד פקד את כל עדת בני ישראל ולאלה המעונים בדרכם האחרונה, אנו, השרידים בישראל, תוך כדי שיתוף פעולה הדוק עם אחינו בני בוסק באמריקה, מקדישים את הספר הזה, כמצבת זכרון לקהילה הקדושה לעולמי עד. „יתגדל ויתקדש" שמם וזכרם!



רכבת חירום ע"י הקלשטור.
**Kolejka polna.**

## בוסק הציונית

Busk, am 5. Marcheschw. 5664

Das Ergebnis der durch den gefertigten Verein vor den Feiertagen eingeleitetem Sammlung zugunsten des Nationalfonds wurde mit Beschluss des Ausschusses vom 18. Oktober 1903 mittels N.—F.M. dem Nationalfonds bereits abgefuehrt. Eine Quittung durch eines unserer Blaetter wird d i e s m a l nicht erfolgen.

Mit Zionsgruss

Fuer den Verein "Ahawath Zion" in Busk

Sal. Goldberg
Praesident

Wolf Chary
Sekretaer

O. Czaczkes
Kassier

"Die Welt" No. 46, Seite 9
Wien, 13.November 1903 — 23.Marcheschwan 5664

**הערה:**

ההודעה דלעיל, אשר נתפרסמה בשנת 1903 בעתון „די וועלט" בוינה בירת אוסטריה ההבסבורגית, בשם אגודת „אהבת ציון" מוכיחה, כי רעיון התחיה הלאומית הכה שרשים בבוסק עם ראשית צמיחתו.

וולף חרי — המזכיר החתום; הוא אחיו של שמואל שרי, חבר הועד של ארגון יוצאי בוסק בישראל.

נחמן בלומענטאל

# דאס יידישע ביסק
# שטריכן צו זיין געשיכטע

אן אלטער, גאָר אלטער, יידישער ישוב, וואס האט אין זיין לאַנגער געשיכטע געהאט גאר דערהויבענע מאמענטן, וואס האט אבער אין די לעצטע צוויי יאַרהונדערט פון זיין קיום קיין שום ראָל נישט געשפילט אין אלגעמיינעם, און נישט אין יידישן לעבן. אמאָל איז ביסק געווען אן עיר ואם בישראל לעצטנס אבער נישט מער, ווי אן אָרעם מזרח־גאַליציש יידיש שטעטל; און ווי אין די אמאָליקע צייטן האט מען וועגן דעם דאזיקן ישוב געשריבן און דערמאנט — דערפון די פארהעלטנישמעסיק רייכע דאָקומענטאציע צי דער „אלטער" געשיכטע פון שטאט, אזוי איז דאס שטעטל פארשוויגן געווארן אין די לעצטע צענדליקער יארן, ווי איינס פון הונדערטער יידישע ישובים, וואס צייכענען זיך מיט... גאָרנישט אויס.

אויך מיט זיין אומקום אין די יארן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — האט ביסק זיך מיט גארנישט נישט אויסגעצייכנט און דערפון דער מאנגל אין געשיכטלעכע מקורות אויך צו דער גאָר לעצטער עפאכע פון לעבן פון אונדזער שטעטל. ס'איז אויסגעגאנגען אָן מרעיש עולם צו זיין, מיט א שטילן, טרויריקן זיפץ, ווי דאס רוב יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפע...

געבליבן זענען בלויז זכרונות ביי די מיט נסים לעבן־געבליבענע.

## אריינפיר

בוסק, אויף יידיש „ביסק", האט אין אומאָפהענגיקן פוילן, ד.ה. צו דער צייט, ווען עס איז דא אנטשטאנען און זיך אנטוויקלט א יידישער ישוב, געהערט — מיט קליינע איבעררייסן — צו דער בעלזער וואָיעוואָדשאפט, הגם ס'ליגט אויף מזרח נאענט א 50 ק"מ — צו לעמבערג (לוואָוו), דעמלט וואָיעוואדשאפט „רויטרייסן„ / Ruś Czerwona /, און ווי אין דער וואָיעוואדשאפט איינגעשניטן.

ביז דער צווייטער העלפט פון XVII יארהוגדערט איז דער ישוב געווען אונטערגעאָרדנט דער יידישער קהילה אין לוואוו — ווי א „נעבן־קהילה" / przykahałek / ; דאקעגן שפעטער — נאכן ווערן א זעלבשטענדיקע קהילה — פון יאר 1667 ביזן צעפאלן זיך פון פוילן — אייגענטלעך ביזן אויפלעזן זיך פון „ועד ארבע הארצות" / 1764 /, האט ביסק, אין דער ארגאניזאציע פון ועד, ווי א טייל פון בעלזער וואיעוואדשאפט, געהערט —

צוזאמען מיט דער א.ג. „זאמאיסקיס ארדינאציע" / א ריי ישובים ארום זאמאשטש / — צום כעלמער קרייז [1]. בעת דאס נאענטע לוואוו האט ווייטער געהערט צום גליל רייסן.

נאך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילין / 1772 / איז בוסק אריינגעפאלן צו עסטרייך, ווי א טייל פון דער ניי־אנטשטאנענער פראווינץ (קעניגרייך) „גאליציען" און דא פארבליבן — מיט גאר קליינע איבעררייסן — ביזן צעפאלן זיך פון דער עסטרייכיש־הונגארישער מאנארכיע. / נאוועמבער 1918 /.

קודם איז ביסק אליין א צענטר פון א דיסטריקט, שפעטער ווערט עס צוגעטיילט צום זלאָטשעווער בעצירק (פּאָוויאט) און פון 1860 צום קאמיאָנקא סטרומילאָווער, און אזוי איז געבליבן, מיט אן איבעררייס פון בערך א יאָר צייט, — ווען די רוסן האבן באזעצט די שטאט בעת דער ערשטער וועלט מלחמה, — ביזן אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אנהויב 1919 — נאכן באצווינגען די ניי־אנטשטאנענע־אויף די חורבות פון דער עסטרייך־הונגארישער אימפעריע — מערב־אוקראינישע רעפובליק — ווערט מזרח־גאליציען דעראבערט דורך פוילן. ביסק בלייבט ביים פריערדיקן פאוויאט און ביי דער ניי־אנטשטאנענער גרעסערער אדמיניסטראטיווער איינהייט ; טארנאָפּאָלער וואיעוואָדשאפט.

נאכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה ווערט בוסק אין סעפטעמבער 1939 באזעצט דורך דער רויטער ארמיי. סוף יוני 1941 נאכן אויסברוך פון דייטשסאוויעטישן קריג באזעצן ביסק די דייטשן. די דייטשן שאפן פון ניי באזעצטן געביט (מזרח־גאליציען) א נייעם „דיסטריקט גאליציען" און טיילן אים צו צום גענעראלגווּווערנעמענט, וואס איז געשאפן געווארן אויף א טייל פון דער אקופּירטער פוילישער טעריטאריע נאך אין אקטאבער 1939.

דעם 18 יולי 1944 טרעטן אפ די דייטשן און דאס גאנצע געביט ווערט באזעצט דורך די סאוויעטן.

היינט־צו טאג איז ביסק א צענטר פון א „רעיאָן" (פּאָוויאט), געהערט צו דער לוואָווער אָבלאַסט, וואס איז א טייל פון דער אוקראינישער ראטן־רעפובליק.

## סטאטיסטישע געגעבענע

מיר האבן נישט קיין אפיציעלע ציפערן, וויפל יידן עס האבן געוווינט אין בוסק, זייט זייער באזעצן זיך דא ביז צו דער ערשטער אמטלעכער ציילונג פון יידן אין פוילן וואס איז פארגעקומען, כדי צו קאנען גענוי פעסטשטעלן, וויפל „קאפשטייער" זיי דארפן צאלן, אין די יארן 1764/5.

---

1. „איסטאָריא יעווּרעיסקאַהאָ נאראָדא"". (רוסית) באנד XI, מאָסקווע 1914, ז. 166. פארגלייך אויך די אנטשפרעכנדיקע מאפע פון פ. מארעק, וואס שטעלט פאר די ארגאניזאציע פון „ועד ארבע הארצות" אין פוילן און ליטע אויפ'ן יאר 1667.

לויט געוויסע אויסרעכענונגען, געמאכטע דורך א יידישן היסטאָריקער[2] אויפן סמך פון די לוסטראציעס פון הייזער אין בעלזער וואָיעוואָדשאפט אין XVI — XVII יארהונדערט — אויך דאס איז געמאכט געווארן, כדי פעסטצושטעלן דעם סכום שטייער פון יעדן הויז / קוימען, אויף פויליש הייסט דער שטייער podymne / — וואס האבן זיך אפגעהיט, קאן מען בערך פעסטשטעלן צווישן אנדערן די צאל יידן אין בוסק אין די יארן 1578, אין 1629. צו די צאלן דארף מען זיך אבער באציען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט — אזוי ווי זיי שטיצן זיך נישט אויף קיין ציילונג פון נפשות, נייערט פון... הייזער, דערביי ווערט אפערירט מיט טעארעטישע אלגעמיינע הנחות: וואס שטעלן פעסט אין אלגעמיין די צאל יידישע משפחות, וואס וווינען אין איין הויז, און ווייטער די דורכשניטלעכע צאל נפשות אין יעדער משפחה באזונדער. פון די אלגעמיינע טעארעטישע הנחות — וואס קאנען זיין מער אדער ווייניקער ריכטיקע — ביזן קאנקרעטן פעסטשטעלן די צאל נפשות אין איין קאנקרעטן אָרט — איז אבער א ווייטער וועג. פונדעסטוועגן ברענגען מיר די צאלן — פאר די דערמאנטע יארן, אזוי ווי זיי האבן פארט הינטער זיך א געוויסע מאס פון ווארשיינלעכקייט און אזוי ווי... קיין אנדערע צאלן פאר דער צייט האבן מיר נישט.

ובכן זיינען אין בוסק געווען יידן:

| יאר | | צאל יידן | צאל פון באפעלקערונג בכלל | פראצענט פון יידן |
|---|---|---|---|---|
| **אין אמאליקן פוילן** | | | | |
| 1578 | — | בערך 800 (?) | | |
| 1629 | — | צווישן 280—340 (?) | | |
| 1765[3] | — | 481 | | |
| **אין עסטרייך** | | | | |
| 1810[4] | — | 420 (?) | | |
| 1880[5] | — | 2.035 | 5.800 | 35,1% |

---

2. M. Horn: Żydzi województwa bełskiego w pierwszej połowie XVII wieku. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego. Nr. 27. 1958 rok.

3. „יעווריייסקאיא ענציקלאָפעדיא״: ב[סק (רוסיש). די דאזיקע צאל איז פאר בוסק און סביבה. נאר אזוי ווי צו דער אָפיציעלער צאל דארף מען צוגעבן פאר־שיידענע קאָרעקטורן, (קינדער ביז 1 יאר האבן קיין קאפשטייער נישט געצאלט א.א.וו.) וואס באטרעפן לויט ד״ר ר. מאהלער א 25% — (זע: „יידן אין אמאליקן פוילן אין ליכט פון ציפערן״. ווארשע 1958, זייטן 33—30, 37) האלטן מיר, אז די הוספה — העכער 70 נפשות דעקט מיט אן עודף די צאָל יידן אין דער סביבה, און אין בוסק איז אין דעם יאר לויט דער ציילונג אפילו געווען איבער 500 יידן.

4. ד״ר נ.מ. גלבר: בוסק תולדות יהודיה. ת״א תשכ״ג, ע׳ 30.

ד״ר נ.מ. גלבר שטיצט זיך אויף א דאקומענט, וואס איז אונדז איצט נישט צוטריטלעך; אבער די צאל ווייזט אויס צו זיין א נישט ריכטיקע. ד״ר גלבר שרייבט

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1890 | — | 2.310 | 6.347 | 36.4% |
| 1900 | — | 2.340 | 6.671 | 35.1% |
| 6 1910 | — | 2.545 | 7.502 | 33.9% |

### אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 7 1921 | — | 1533 | 6.148 | 24.9% |
| 8 1931 | — | (?) 1600 | 7.010 | 22,8% |

### דייטשע אָקופּאַציע

| | | | |
|---|---|---|---|
| 9 1941 | — | בערך 1,800 | |
| 1942 | — | בערך 2.023 | |
| 10 1943 | — | | 7.494 |

פון דעם יאָר אָן איז די שטאָט יידנריין.

כדי צו דערפולן דאס בילד און בעסער פארשטיין דעם באדייט פון די ציפערן, וועלן מיר ברענגען די צאָל יידן און זייער פראצענט צו דער אלגעמיינער באפעלקערונג אין גאנצן קאמיאָנקא סטרומילאָווער פאוויאט, פון וועלכן בוסק איז נאר געווען א טייל, פון מאמענט, ווען די גאנצע געגנט איז איבערגעגאנגען צו עסטרייך ביז דער לעצטער פאלקסציילונג אין אומאפהענגיקן פוילן (3.12.1931) — אויף ווי ווייט די געגעבענע געפינען זיך אין אונדזער האנט:

---

אויפן ציטירטן ארט: „בשנת 1810 נמנו בבוסק 106 משפחות (199 גברים, 221 נשים, ביחד 240 נפשות). די צאל גברים ונשים אליין גיט אונדז 420 נפשות, און היינט די קינדער — לכל הפחות 5 אויף א משפחה, לויט ווי עס ווערט אנגענומען פאר יענע צייטן — און די אליין — שטייענדיקע מענער צי פרויען, וואס געהערן נישט צו קיין משפחה? קענטיק אז דא איז א טעות.

5. די ציפערן פאר די יארן 1880, 1890, 1900 לויט:
Dr. Stanislaw Gruiński: Materiały do kwestii żydowskiej w Galicyi. Lwów 1910. Tablica VI, str. 14.

6. Dr. Ignacy Weinfeld: Wiadomości statystyczne. Ludność miejska w Galicyi i jej skład wyznaniowy 1881—1910. Lwów 1912.

7. לויט דער ציילונג פון דעצעמבער 1921 — קארטאטעק פון „יד ושם".

8. Statistisches Gemeindeverzeichnis des bisherigen polnischen Staates, Berlin 1939 ז. 130 אין קארטע I—XL.

9. די ציפערן פאר די יארן 1941, 1942 לויט: ט. ברוסטין־בערענשטיין: „דער פראצעס פון פארניכטן די יידישע ישובים אויפן שטח פון א"ג „דיסטריקט גאליציען". בלעטער פאר געשיכטע ב. VI ה' 3, 1953.

10. לויט דער ציילונג, וואס איז פארגעקומען אין גענעראל־גווערנעמענט אויפן 1.3.1943 ז.ע.: Amtliches Gemeinde — und Dorfverzeichnis für das Generalgouvernement Krakau 1943.

דא ווערט אנגעגעבן בלויז די אלגעמיינע צאל פון דער „אנוועזנדיקער" באפעלקערונג אָן באצייכענען, צו וועלכער נאציאָנאליטעט זי געהערט. אבער יידן אין דער צייט זיינען שוין נישט שכיח.

### עסטרייך

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1773[11] | — | 12.224 ייִדן | — | 16.9% |
| 1880 | — | 10,506 ייִדן | — | 12 % |
| 1890 | — | 14.431 ייִדן | — | 14.4% |
| 1900 | — | 14.175 ייִדן | — | 13.6% |

### אין אומאפהענגיקן פוילן

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1921 | — | 6.009 ייִדן | — | 8.9% |
| 1931 | — | 6.700 ייִדן | — | 8.16% |

איייניקע באמערקונגען צו די געבראכטע דא ציפערן:

די צאל ייִדן אין עסטרייך — פון 1880 — 1910: ווי אויך אין אומאפהענגיקן פוילן זיינען געבראכט געווארן לויט די אנטשפרעכנדיקע פאָלקס־ציילונגען / אין חודש דעצעמבער — אלע צען יאָר /. די רובריקן פון די פאלקסציילונגען זענען אבער נישט פאָר קיין רובריק נאציאָנאַליטעט, נייערט דת (אין עסטרייך Konfession אין פוילן: (Wyznanie) און „אומגאנגס־שפראך" (עסטרייך) „מוטער־שפראך" (פוילן). קומט אויס, אז די אלע ייִדן, וואס מיר געבן אן, זיינען לויט דער אָפיציעלער סטאטיסטיק: ייִדן על פי „איזראעליטישער קאנפעסיאן" (עסטרייך) אדער „ייִדן פון משה׳ס גלויבן" (Żydzi wyznania mojżeszowego) אין פוילן.

וואס שייך דער אומגאנגס־שפראך אין עסטרייך, האט די דעמלטדיקע סטאטיסטיק אין XIX יארהונדערט, בכלל נישט באריקזיכטיקט די אומגאנגס־שפראך פון ייִדן, וואס איז געווען — ווי באקאנט — אין אן איבערוויגנדיקער מאס: ייִדיש. איינצעלנע ייִדן — „הויך־געשטעלטע" האבן גערעדט דעמלט דייטש צי פויליש. דער רוב ייִדן האט בכלל קיין אנדער שפראך — אחוץ ייִדיש — נישט געקענט.

בלויז אין באזונדערע פאלן, ווען געקומען אין קאנטאקט מיט דער אויסן־וועלט, איז דער דורכשניטלעכער ייד געצוווּנגען צו רעדן נישט מיט זיין שפראך; דעמלט האט ער גערעדט פעלערהאפט — דייטש (מיט די בעאמטע, מיליטער־לייט), פויליש מיט די פריצים, „גוייש", „רוסיש" מיט די פשוטע „גויים", אוקראינער. וואס טוט אָבער די עסטרייכישע סטאטיסטיק מיט דער פראגע? כדי צו ענטפערן, אויף דער פראגע, ווען מיר קודם באקענען זיך מיט די רעזולטאטן פון די ציילונגען אין יאר 1890 און 1900 — אין דעם פרט, ובכן:

---

11. ז. 55 Dr. A.J. Brawer: Galizien, wie es an Österreich kam. — Wien, 1910

אגב, צו דעם מאָמענט איז בוסק געווען דער צענטר פון א דיסטריקט, וואס האט געציילט 10 שטעט און 178 דערפער.

די אנדערע ציפערן פון קרייז לויט די מקורות, אנגעגעבן ביי די אנטשפרעכנדיקע יארן פון דער שטאָט בוסק גופא.

אין 1890 [12] האבן מיר אין גאנץ בוסק 6347 איינוווינער דערפון לויט „קאָנפעסיע״:

רוימיש־קאטוילישע: 2.398; גריכיש קאַטוילישע: 1586, איזראעליטישע: 2310, אנדערע: 53.

לויט „אומגאנגסשפראך״: דייטש: 34, פויליש: 4.790, רוטעניש: 1518, און דאָס איז אלץ!

צווייטער ביישפיל פון 1900 [13].

אלגעמיינע צאל איינוווינער אין גאנץ־בוסק: 6671: דערפון לויט „קאנפעסיאן״: רוימיש־קאטוילישע: 2710, גריכיש־קאטוילישע 1612, איזראעליטישע 2340, אנדערע 9.

לויט אומגאנגס־שפראך:

דייטש 11, פויליש: 5232, רוטעניש 1425. און פאַרטיק!

ס׳איז באקאנט, אז בדרך כלל דעקן זיך אין דער ווירקלעכקייט די צאָלן: רוימיש־קאטוילישער גלויבן מיט פוילישער מוטערשפראך, און גריכיש־קאטוילישער מיט רוטעניש (אוקראיניש). מעגלעך זיינען קליינע אפווייכונגען. אבער אז די צאל פויליש רעדנדיקע זאל מיט אזויפיל איבערשטייגן די אנדערש־רעדנדיקע, דווקא אין מזרח־גאליציש שטעטל איז... אן עסטרייכישע פיקציע. מ׳האט פשוט אלע יידן צוגערעכנט צו די פויליש־רעדנדיקע:

מיר פארגלייכןביידע צאלן: אין יאר 1890 — 2398: 4790
אין יאר 1900 — 2710: 5232

מיט אזעלכע ציפערן האט מען פארשטייט זיך לייכט געקאנט דערוויזן די פוילישקייט [14] פון געביט, און וואס ס׳איז די דעמלטדיקע פוילישע פירער נעגאנגען.

וואס שייך דער פוילישער פאלקסציילונג, האט זי צוגעלאזט ווי די מוטערשפראך ביי יידן סיי יידיש סיי העברעיש. אבער די צאלן פון די רעדנדיקע אין די ביידע נאציאָנאלע שפראכן זיינען קלענער, ווי די צאל יידן לויטן גלויבן. כדי דאס צו אילוסטרירן ברענגען מיר בלויז די אנטשפרעכנדיקע צאלן פון דער פאלקסציילונג פון 1931 פארן גאנצן קאמיאָנקע־סטרומילאָווער פאָוויאט: יידן איז דעמלט דא געווען לויטן גלויבן 6.700, לויט דער מוטער־שפראך יידיש בלויז 4.737 לויט אנדערע שפראַכן אחוץ פויליש, אוקראיניש (עווענטועל העברעיש): 56. ד.ה. מיט א צוויי טויזנט ווינציגער, וואס — ווי מיר ווייסן, אנטשפרעכט נישט דער ווירקלעכקייט. אויך דאס האבן מיר צו פארדאנקען די גוט־געשולטע פאָלקסציילונגס־קאָמיסארן. דאס ווערט נאך מער

---

12. Special Orts = Repertorium von Galizien. Wien, 1890.

13. Gemeindelexikon von Galizien, Wien, 1907.

14. דאס שטיצט זיך אויף דער הנחה, אז מוטערשפראך איז דאס זעלבע וואס — נאציאנאליטעט. מ׳זאגט עס אבער בפירוש נישט ארויס בעת מ׳נאטירט די סטאטיסטישע געגעבענע פון יעדן דורכשניטלעכן בירגער, און דערמיט רייצט מען נישט דאס נאציאנאלע געפיל פון יידן, צי אוקראינער.

בולט, ווען מ׳נעמט אין באטראכט די אנטשפּרעכנדיקע ציפערן פון רוימיש־קאטוילישע און פויליש־רעדנדיקע. זייער פארהעלטעניש איז פארן קאמיאָנקע־סטרומילאָווער פאָוויאט 29.828 : 41.693, בעת צווישן די גריכיש־קאטוילישע 45.075 זיינען געווען בלויז 35.186 אוקראאיניש־ר ע ד נ ד י ק ע.

אויך די ציפערן האבן באדארפט דערוויזן די פוילישקייט פון דער געגנט, און מ׳האט זיי דערגרייכט אויפ׳ן חשבון פ׳ון די יידן און אוקראאינער.

און נאך אייניקע הערות:

דער גרויסער אונטערשיידט פון די ציפערן פאר די יארן 1578—1629 דערקלערט זיך צווישן אנדערן מיט די אָפטע אנפאלן פון די טאָטערן אויף דער שטאט און דער עפּידעמיע, וואס איז אויסגעבראכן אין 1626 און אוועקגעריסן א גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג („14 הייזער יידישע זיינען געגנצלעך פארלאזט געווארן״, זאגט זיך אין איין לוסטראציע פון יענע יארן), אנדערע ווידער יידן האבן פארלאזט די פארפעסטעטע שטאט.

דער אונטערשיידט צווישן דער צאל יידן, וואס אין עסטרייך און שפּעטער אין אומאפּהענגיקן פוילן דארף געלייגט ווערן אויפן קאָרב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914—1918 און אירע נאכווייענישן אין פוילן — און באזונדערס אין מזרח גאליציע: די קאמפן צווישן די פּאָליאַקן און אוקראאינער, דער פויליש־סאוועטישער קריג (1920—1919). א גרויסע צאל יידן האט פארלאזט די שטאט, אנהויבנדיק פון 1914 און מער זיך שוין קיין בוסק נישט צוריקגעקערט.

צום סוף: הגם די געבראכטע אויבן ציפערן — פון 1880 ביז 1931 רעדן מיט א גאנץ קלאָרער שפּראך — וויל זיך דא אונטערשטרייכן מיט איין ווארט זייער טענדענץ:

פון די אלע ציפערן נעמלאך לאזט זיך איינס אפּלערנען: אומאפּהענגיק פון די גרויסע געשעענישן, וואס ברענגען גרעסערע שנויים אין דער צאל פון דער באפעלקערונג (קריג, עפּידעמיעס, שריפות און דעסגלייכן) האלט די צאל יידן אין בוסק — און נישט נאר אין בוסק: אזוי אויך אין גאנצן קאנט — אין איין פאלן סיי אבסאָלוט, סיי אין פארהעלטעניש צו דער נישט יידישער באפעלקערונג: דורך עמיגראציע קיין אויסלאנד, דורך איבערזידלען אין גרעסערע שטעט, ווי אויך דורכן קלענערן נאטירלעכן צוואוקס, ווי ביי דער נישט יידישער באפעלקערונג. די צאל יידן, וואס פארלאזן די שטאט, נעמט אין זיך אריין נישט נאר די אונטערשיידן פון די אנטשפּרעכנדיקע צאלן, נייערט שלינגט נאך איין דעם עודף פון נאטירלעכן (ביאָלאָגישן) צוואוקס. אזוי איז געווען ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה (1939). די מלחמה גופא דאקעגן האט געבראכט צו א פולשטענדיקן חורבן פון דער יידישער באפעלקערונג אין דער אָקופּירטער דורכן דייטש אייראָפּע.

## די אנטשטייונג פון בוסק

דער נאמען בוסק זאל שטאמען לויט השערות: 1. פון טייך בוג (די שטאט ליגט ביים איינפאל פון טייכל פעלטעוו אין בוג), איין טייל פון שטאט

ווערט טאקע גערופן זאבוזשע, אזויווי עס ליגט פון יענער זייט טייך. 2. פון אוקראַינישן בוסקאָ (באַציאַן, שטאָרך), אזוי ווי אויף דעם אָרט, וואס איז פארפלייצט מיט וואסער ארום און ארום — אין מיטן שטאט פאלט אריין אין בוג נאך א טייכל סאלאטווינא — געפונען זיך אויסערגעוויינלעך פיל באַציאנעס.

די שטאט איז דורך די וואסערן צעשניטן אויף שטיקער, וואס ס׳פארייניקן עטלעכע צענדלינג בריקן. די דאזיקע — גערופן שפּאָטיש „גאליציש ווענעדיק״ — לאגע פאראורזאכט — באזונדערס אין פרילינג און הערבסט גרויסע אויסגוסן, איבערשווענמונגען און בלאטעס. פארשטייט זיך, אז אזא לאגע פון דער שטאט האט זי געמאכט פון נאטור אויס שווער צוטריטלעך — פאר א שונא; האבן דא געקאנט רעזידירן פון די עלטסטע צייטן — די באזונדערע מער אדער וויניקער אפהענגיקע רייסישע פירשטן און פון דאנען אויס — אין זייערע פעסטונגען — געקאנט שטעלן א ווידערשטאנד מיט פארשיידענעם גליק — פרעטענדענטן צום „טראָן״, ווי אויך די אויסערלעכע כוחות: א לאנגע צייט טאטארן, שפּעטער־צו טערקן, קאָזאקן, שוועדן א.א. זיינען טאקע דא אויפגעשטעלט געווארן אין פארשיידענע צייטן אזש צוויי פעסטונגען, פאלאצן, וואס זענען מערערע מאל צעשטערט און אויפגעשטעלט געווארן פונסניי. די רעשטלעך פון זיי זיינען געבליבן ביזן היינטיקן טאג (פון זיי האבן זיך אויך גענומען געוויסע נעמען פון גאסן: „אונטערן אול״ (אונטערן וואל, מויערן) 15 פון דער צווייטער זייט האבן די וואסערן אין און ארום דער שטאט אין פרידלעכע צייטן געקאנט דינען ווי באקוועמע אין אמאליקע צייטן קאָמוניקאציע־וועגן, וואס האט געגעבן א מעגלעכקייט די איינוווינער אנצובינדן סוחרישע באציהונגען מיט אנדערע שטעט, ווי אויך מיט פרעמדע פירשטנטומס; גלייכצייטיק האבן די וואסערן געגעבן באשעפטיגונג און חיונה מיט זייער גרויסער צאל פיש. די געגנט פון בוסק האט אויך געליפערט — צוליב איר פרוכטבארקייט גענוג, תבואה אויף עקספּארט, דאס אלץ האט דערמעגלעכט די אנטוויקלונג פון דער שטאט. איז טאקע נישט קיין וואונדער, וואס שוין אין עלפטן יארהונדערט איז דא אנטשטאנען — אונטערן שוץ פון די הערשנדיקע דאָ פירשטן נעבן שלאס

---

15. די שטאַט האט זיך צעטיילט סוף XIX יארהונדערט אויף פאלגנדיקע קוואַרטאַלן:

| | |
|---|---|
| Busk | שטאָט |
| Długa Strona | פאָרשטאָט |
| Krótka ” | ״ |
| Lipie Boki | ״ |
| Niemiecki Bok | ״ |
| Podzamcze | ״ |
| Wolany | ״ |

צו דער צייט האבן אין אלע די באזונדערע טיילן געוווינט יידן.
דער רוב — פארשטייט זיך אין „שטאָט״ (צענטר): 2018, פאר די לייענער, וואס געדענקען נאך די שטאָט דריקן אויס די נעמען זיכער עפּעס מער ווי פוסטע קלאנגען.

א גרעסערער ישוב מיט „ציווילע" איינוווינער. אנהויב פון פופצענטן יארהונדערט (1411) האט דער ישוב באקומען דאס „מאגדעבורגער רעכט", ד.ה. א זעלבסטפארוואלטונג פון א שטאָטישן כאראקטער. כדאי צוצוגעבן, אז די באפעלקערונג דא איז א געמישטע: פאָליאַקן (רוימיש־קאטוילישע) און אוקראינער (גריכיש־קאטוילישע). די צאלן־פארהעלטענישן פון די צוויי גרופן־באפעלקערונג — וואס זענען אין משך פון דורות נישט איינמאל געשטאנען איינס קעגן צווייטן (אין XVII יארהונדערט בעת די קאזאקן־אויפשטאנדן און... אין XX יארהונדערט נאכן צעפאלן זיך פון דער עסטרייכיש־הונגארישער מאנארכיע), שפיגלט אפ מער וויניקער ריכטיק די צאָל קלויסטערס אין שטאט: דריי אוניטישע (גריכיש־קאטוילישע צערקוועס, „רוסישער קלויסטער" אויף יידיש) דערפון איינער גאר אן אלטער, היסטאריש וויכטיקער, און 1 רוימיש־קאטוילישער („פוילישער קלויסטער" אין יידיש).

דער דריטער באשטאנדטייל פון דער בוסקער באפעלקערונג זיינען געווען יידן.

## אין אמאָליקן פוילן

ווען די יידן זיינען געקומען קיין בוסק — לאזט זיך נישט פעסטשטעלן. אלנפאלס, אין אן אמטלעכן דאקומענט פון 1454 [16], וואס האט זיך אפגעהיט, ווערט שוין דערמאנט א ייד פון בוסק, נעמט מען דאריבער אן די דאטע פארן אנהויב פון יידישן ישוב אין דער שטאט, הגם — גאנץ זיכער — אז אויך פריער האט דער ייד — און אפשר אויך אנדערע, געוווינט דא — אָן איבערצולאזן א זכר בר־קיימא.

פונעם יאר 1499 אָנגעהויבן האָבן זיך אָפגעהיט — נישט ווינציק אין צאָל — פארצייכענונגען אין די קאנצעלאריע־אקטן פון די דעמלטדיקע געריכט־אינסטאנצן אין שטאט, וועגן פארשידענע ענינים, אין וועלכע עס טרעטן ארויס יידן — סיי ווי אָנקלאָגערס סיי ווי אָנגעקלאָגטע, אין ציווילע, ווי אויך אין קרימינעלע ענינים, וואס געבן איבער פארשידענע אויסזאגן א.א.וו. [17].

לויט אן אנדערן דאָקומענט, פון 1502, ווידער אין צו זען; אז דער קעניג אלעקסאנדער לייגט ארויף אויף די יידן — ווי אויף אן א ר ג א נ י ז י ר ט ן

16. פארגלייך די קארטע 1 „די יידישע באפעלקערונג פון פוילן און ליטע ביזן 1943". צונויפגעשטעלט פון פ. מארעק אין „היסטאָריא יעווריעיסקאַהאָ נאראָדא" (רוסיש) ב. XI מאסקווע 1914.

17. ד"ר נ.מ. געלבער האט אין יאר 1913 באוויזן א גרויסן טייל פון זיי אפצוגעפינען און איבערצושרייבן בעת זיינע פארשונגען אין ארכיוו פון די בערנארדינער אין לוואָוו. אין זיין אויבן ציטירטן ביכל וועגן בוסק ברענגט ער 86 רעגעסטן פאר דער צייט 1499—1537 אין א העברעישער איבערזעצונג. טייל פון זיי אויך אין אריגינאל (לאטייניש). די דאקומענטן — אָנשריפטן נאך דעם, ווי די מייסטע ארכיוון אין פוילן זיינען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה חרוב געווארן, — האבן דאריבער היינט אן אויסערגעוויינטלעכן ווערט, פשוט ניצל געווארן פון א מבול.

קיבוץ געוויסע פליכטן; דאס ווייזט, אז צו דער צייט האט שוין דא זיכער עקזיסטירט — א יידישער קהל (זייט וואנען?). לויט א דעקרעט פון קעניג זיגמונט דער ערשטער פון 1510 האבן די בוסקער יידן געדארפט צאָלן יאָר־יערלעך 20 גאָלדענע פלארענטינס אין דער מלוכה־קאסע דורך דער פארמיטלונג פון די לעמבערגער פרנסים. אין יאר 1518 האט דער קעניג באפרייט אויף איין יאר די בוסקער יידן פון צאלן דעם מס. און י. 1526 אויף דריי יאר, צוליב דעם, וואס די שטאט האט געליטן פון די אנפאלן פון די טאטארן. אין פריווילעג פון 1518 ווערט אויך באשטימט, אז אנשטאט אין גאָלד האט מען מס געקאנט צאלן מיט פויליש געלט (30 גראשן פאר א פלאָרין). כדי צו דערמעגלעכן דעם אויסבוי פון דער שטאט האט נאך פריער דער קעניג יאן אָלבריכט אין י. 1499 באפרייט די סוחרים (קריסטן), וואס פירן אריין סחורות פון געוויסע אפצאלן, מסים — דער קעניג זיגמונט אַוגוסט באשטעטיקט אין יאר 1550 דעם דאזיקן פריווילעג און פארברייטערט אים אויף „אלע איינוווינער פון שטאט, אומאָפּהענגיק פון גלויבן״ (געמיינט אויך יידן). דער דאזיקער קעניג באפעלט אויך צו פארגרעסערן די פעסטונג, כדי זי זאל אויך קאנען אויפנעמען מענטשן פון דער סביבה, וואס זוכן דאָ שוץ אין דער צייט פון א סכנה.

זיגמונט אוגוסט, דער זון פון זיגמונט דעם ערשטן האט אויך דעם 24.4.1564 באשטעטיקט דעם פריווילעג פאר די יידן פון זיין פאטער וואס איז אונדז נישט באקאנט און פארברייטערט די רעכט פון די יידן; מ׳האָט זיי דערלויבט צו קויפן ערד, שטעלן הייזער אויפן גאנצן שטח פון דער שטאָט און געמעגט זיי פארקויפן. זיי האבן אויך געמעגט פארנעמען זיך מיט האָרט — און קליין האנדל איבערן שטח פון גאנץ רייסן און פאָדאליע; די יידן באקומען דאס רעכט צו שעכטן און פארקויפן בהמות, גאנצערהייט אָדער טיילווייז, מיט איין ווארט די יידן באקומען די אלע פריווילעגיעס און רעכט, וואס ס׳האבן די איבעריקע איינוווינער פון שטאָט, „מיעשטשאנעס״, ווייל זיי האבן דאך די זעלבע פליכטן כלפי דער מדינה און שטאָט, ווי ס׳ווערט געזאגט אין קעניגלעכן דעקרעט. צו די פליכטן פון די יידן — אחוץ די פארשידנסטע אָפּצאָלן — האט לויט דעם דעקרעט געהערט אויך די מיטבאטייליגונג ביים פארטיידיקן די שטאט בעת אנפאלן אויף איר מבחוץ, ווי אויך בעת אינערלעכע אומרוען. דער דאזיקער פריווילעג ווערט דערנאך באשטעטיקט דורך קעניג סטעפאן באטאָרי, ווּלאדיסלאוו דער פערטער, א.א.

מיט וואס האבן זיך באשעפטיקט די יידן אין יענע צייטן? נישט נאר מיט האנדל און פינאנס־ענינים, ווי ס׳איז אלגעמיין אנגענומען! און נישט נאר מיט „ריין יידישע ענינים (רבנות, חזנות וכו׳).

פון דעם ביסל מאטעריאל, וואס איז ביז איצט באקאנט געווארן לאזט זיך פעסטשטעלן אז לויט א ספעציעלן בריוו פון בוסקער סטאראסטע פון סוף XVI יארהונדערט האבן יידישע קצבים געמעגט ארבעטן אין זייער פאך צוויי מאָל א וואָך, דינסטיק און דאָנערשטיק, ד.ה. אין די מארק־טעג. די יידישע בעלי־מלאכות

האבן חוץ דעם געשלאָסן אן אָפּמאַך מיטן צעך פון די קצבים אין שטאָט, לויט וועלכן די יידישע קצבים האבן באקומען דאס רעכט צו שעכטן בהמות, דערפאר האבן זיי געדארפט אָנטייל נעמען אין די אָפּצאָלן, צו וועלכע דער צעך איז געווען פארפליכטעט, פארן סטאראסטע, און וואָיט. מיר זעען דא דעם אופן פון דערליידיקן יידישע ענינים אין יענער צייט. פון איין זייט א פאראָרדנונג פון אויבן; פון דער צווייטער — כדי די פאראָרדנונג זאל נישט בלייבן בלויז אויפן פאפיר, דאס אונטערהאנדלען מיט דער אָרטיקער מאכט, מאגיסטראט, מיעשטשאנעס, קריסטלעכע צעכן א.א.

נאר דאס האט געקאנט זיכערן — אויב בכלל דאס איז געווען מעגלעך — אַ רויִיק לעבן די יידן אין די מקומות... אין פרידנסצייטן. א קליין ביסל יידן אין א וועלט, וואס איז אין אלע בחינות געווען זיי פרעמד! דערביי האבן נישט געפעלט קיין סיבות, סוביעקטיווע און אביעקטיווע, וואס האבן פון צייט צו צייט געמוזט דערפירן צו צוזאמענשטויסן. צו די סיבות האבן געהערט: רעליגיעזער פאנאטיזם, עקאנאמישע קאנקורענץ; די מורא און די שנאה צום פרעמדן, באזונדערס צום יידן / יודעאָפאָביא /, וועמען מ׳האט פאַרגעוואָרפן אין יעדער עת צרה די סיבות פון אלעם שלעכטן!

יידן האלטן אויך אין דער צייט די מיל, פארנעמען זיך מיט ברויערײַ; א ייד פייביש ארבעט אויך אויס פּילווער (proch) צו די קוילן. צו דער צייט זיינען פאראן בעלי מלאכות אין בוסק; קצבים, מילנערס, קירזשנערס, ביר־ברויער, יידן ארבעטן אויך אויס סאלעטרע. בס״ה זיינען יידן — סוף XVI און אָנהויב XVII באשעפטיקט אין אַכט בעל־מלאכהשע פאכן [18].

לויט די רעיעסטרן פון די הייזער / פון וועלכע מ׳האט געצאָלט א ספעציעלן שטייער פאר דער שטאָט־פארוואלטונג / פארן יאר 1629 — פון דעם יאר אנגעהויבן צאָלן אויך יידן דעם דאזיקן אָפּצאָל, איז אין בוסק געווען הייזער, אין וועלכע יידן האבן געוווינט: 15 אין מארק און 2 אויף אנדערע גאסן; אין י. 1632/33/ — 56 הייזער (נישט קלאָר וואספארא) [19].

יידן האבן אויך געוווינט אין הייזער, וואס האבן געהערט צו קריסטן, אבער אויך פון די הייזער זיינען זיי געווען פארפליכטעט צו צאלן א ספעציעלן שטייער.

חוץ דעם האבן יידן געצאלט פארן מלוכה־אוצר דעם קאָפּ־שטייער, אין י. 1765 באטרעפט די יערלעכע ראטע — 120 זל [20]; און אנדערע שטייערן.

---

18. M. Horn: Rzemieślnicy żydowscy na Rusi Czerwonej na przełomie XVI i XVII wieku. Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego Nr. 34, 1960.

19. M. Horn: Żydzi województwa bełskiego w pierwszej połowie XVII wieku, Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego Nr. 27, 1958.

20. M. Baliński, T. Lipiński: Starożytna Polska, Warszawa, 1860. Busk

גאָר אַן אנגעזען אָרט האבן פארנומען די בוסקער יידן אין האנדל אין יענע יארן. אט וואס עס זאָגט וועגן דעם ד״ר נ.מ. גלבר אין זיין חוברת וועגן בוסק:

„במאה הט״ז—י״ז ממלאים יהודי בוסק יחד עם יהודי לבוב חלם ובלז תפקידים ראשוניים במסחרה של רייסין. — סוחרי בוסק — ביחוד יהודים היו מארגנים את הייצוא של תבואות, תוצרת חקלאית, עצים, בקר, סוסים למערב פולין ותמורת תוצרת זו היו מביאים משם מיצרכים חיוניים כגון בדים, אריגים, סחורות קולוניאליות, ברזל, מתכת, ומוכרים אותם לאיזורים המזרחיים — ווהלין, פודוליה ואף לאוקראינה.

הסוחרים היהודים בבוסק נמנו — על גדולי הסיטונאים בסחר מלח, עורות, בהמות ובפרוות״ 21.

אין דער צייט האט אויך בוסק געשפילט א ראל אין גייסטיקן לעבן פון יענעם יידנטום; באזונדערס מיט זיינע רבנים. איינער פון זיי הגאון ר׳ יצחק בן אברהם חיות (1538—1610) איז געזעסן אויפן כסא הרבנות אין בוסק א צענדלינג יאָר און פון דאנען געגאנגען קיין פראג. ער איז דער מחבר פון דריי וויכטיקע ספרים: „פחד יצחק״ (לובלין 1537) „שיח יצחק״ (פראג 1587) „פני יצחק״ (קראקע 1591).

דאס ערשטע ספרל אנטהאלט „באור על אגדות החרבן בפ׳ הנזקין ושארי הגדות ונחלק למאה שערים; דאס צווייטע: שיר לזמר לליל פסח ונכללו בו כל דיני פסח עם פ״י ואח״ז קינה לב״ר מנחם חיות על שריפת ק״ק פוזנא ועל אחיו ה״ר שמואל שיננא; דאס דריטע: כל דיני ש״ע [שלחן ערוך] י״ר [יורה דעה] שבירים וחרוזים בשם אפי רברבי ועם פי׳ השירים ותוס׳ דינים בשם אפי זוטה ונחלק למאה שערים, נלוה לו שיר מספד של שרפת ק״ק פוזנא ועל מות בנו ה׳ שמואל מאת ה״ר מאנש בן המחבר 22.

פון אינהאלט פון די ספרים איז צו זען, אז הרב יצחק בן אברהם האט געהאט אין זיך א דיכטערישע נשמה, געווען א פיטן. נישט בלויז א למדן — א דייקן.

דער צווייטער באדייטנדיקער רב אין בוסק איז געווען הרב יהודה אריה לייב בן יהושע האשקי, וואס איז דא געזעסן מערערע יארן. ער איז דער מחבר פון ספר, „לב אריה״, וואס ווערט אין „ספרי שם הגדולים ועד לחכמים״ 23 אזוי באצייכנט: לב אריה מהרב מה׳ אריה לייב אב״ד ור״ם דק״ד בוסק במדינת פולין דרושים יפים ונדפס בעיר ווילמעשדארף שנת תלד י. (1674).

דער אָנפאל פון די קאזאקן אין יאָר 1648 און שפעטער פון די שוועדן אויף פוילן און די פאָלגן דערפון — אויך בוסק איז דורך זיי צשטערט געווארן — האט

21. ד״ר נ.מ. גלבר: דאס ציטירטע ווערק, ז׳ 23.
22. לויט אוצר הספרים — מאת יצחק אייזיק בן־יעקב. ווילנא 1880.
23. דער ספר איז איינגעטיילט אין צוויי מערכות: א) מערכת גדולים. ב) מערכת ספרים. מחבר: חיים יוסף דוד אזולאי. יוזעפאף, 1868.

געמאכט א סוף צו דעם אלעמען. פון דעמלט אָן האָט די שטאָט זיך שוין נישט געקאָנט אויפהויבן.

די באזונדערע לוסטראציעס פון דער שטאָט אין די שפּעטערדיקע יארן שטעלן דאס פעסט, אפילו די לעצטע לוסטראציע, וואס איז פארגעקומען אין אומאפהענגיקן פוילן — מיט א הונדערט יאר נאכדעם, אין י. 1765 שטרייכט דאס אונטער: די שטאָט איז שטארק אָפּגעלאָזן; נישטא קיין טויער, פון די אמאָליקע מויערן געבליבן בלויז רעשטלעך, סימנים א.א. וו.

בוסק באשטייט דעמלט פון דריי „שטעט" א) די אלטע שטאט. די פארמאגט 18 איינפאָר־הייזער אויפן מארק, א ראטוש און ארום יאטקעס און געוועלבלעך, אונטער אים 30 יידישע הינטער־הייזלעך און 29 קריסטלעכע.

ב) די נייע שטאט פארמאגט 8 יידישע איינפאָר־הייזער און 6 קריסטלעכע הינטער־הייזלעך און 3 ליידיקע פלעצער. דאס דריטע שטעטל:

ג) יאבלאָנווו פארמאָגט 3 יידישע איינפאָר־הייזלעך, 4 קריסטלעכע הייזלעך און 4 ליידיקע פלעצער.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די פאָרשטעט: | „דייטשע" | — | פארמאגט | — | 33 הייזלעך |
| | „וואָלאנסקיע" | — | פארמאגט | — | 24 הייזלעך |
| | „ליפּיבאָצקע" | — | פארמאגט | — | 45 הייזלעך |
| | „דלוגאָסטראנסקיע" | — | פארמאגט | — | 48 הייזלעך |

א חוץ דעם זיינען אין שטאט געווען אויך א צענדלינג הייזער, וואס האבן זענען נישט אונטערליגן דער שטאט געהערט צו דער שלאכטע. (די הייזער פארוואלטונג) [24].

אנדערע, ניי־אויפגעקומענע ערטער האבן זיך אינצווישנצייט ארויסגערוקט און דאס בארימטע בוסק האט שוין נישט געקאנט זיי אניאגן, בפרט אז די מער רייכערע און אונטערנעמונגס־לוסטיקע יידן האָבן פארלאָזט די שטאָט און באזעצט זיך אין אנדערע גרעסערע שטעט, און דאָ אנטוויקלט זייער טעטיקייט.

און אזוי איז אויך געבליבן ביז צום סוף פון יידישן ישוב אין בוסק. ביסקער־יידן, אויב זיי זיינען ארויסגעשווימען אויף די ברייטערע וואסערן פון דער קולטור־געשיכטע, איז דאס געשען מחוץ די גרענעצן פון זייער היים־שטאט, בוסק.

## בוסק און די פראנקיסטן

אין דער צווייטער העלפט פון XVII יאָרהונדערט לעבט איבער בוסק — ווי אלע אנדערע שטעט פון פוילן באזונדערס פון די דרום־מזרח קאנטן, בעלזער וואיעוואדשאפט, רייסן, פאדאליע — א געוואלטיקע שפאנונג. די סיבה: דאס באווייזן זיך ערגעץ אין דער ווייטער פרמער פון א נייעם משיח־צדק צי

24. לויט באלינסקי־ליפּינסקי, זע דאָס ציטירטע ווערק.

משיח־שקר: שבתי צבי. פארשטייט זיך, וואס ווייטער פון אָרט — אַלץ גרעסער די אָפּקלאַנגען, וואס ס׳איז נישט אזוי לייכט בפרט אין יענע צייטן נאָכצוקאָנטראָלירן. פון נאָענטן לוואָו שיקט מען שליחים, פעסטצושטעלן דעם אמת; עס גייען אהין, אין דער ווייטער טערקיי בריוו און שליחים, עס קומען אויך — פון דאָרט אַן ידיעות, טייל שליחים קומען צוריק מיט בשורות טובות. דער גואל ישראל איז געקומען.

דאס, וואס מ׳האט געוואלט גלויבן, איז מקויים געווארן. דאס שווערע לעבן פון די יידן אין גלות, די שוידערלעכע איבערלעבענישן בפרט אין יענע צייטן און אין יענע קאנטן, די גרויל־טאטן פון די יארן ת״ח און ת״ט; די אפשר נאך מער אויפטרייסלנדיקע פאסירונגען פון די עלילות־דם פראצעסן, וואס האבן דערפירט צו א ריי גרויזאמע און אוממענטשלעכע אכזריותדיקייטן: דאס שניידן אויף שטיקער לעבעדיקע יידן, די שוידערלעכע פּאָגראָמען, וואס ס׳האבן געמאכט די היימישע מענטשן, שכנים, האבן מער אויפגעטרייסלט דעם יידישן קהל, ווי די פּאָגראמען פון די ווילדע שונאים, בעת די מלחמות. דא האט זיך דאך געהאנדלט אין געריכטן, משפטים, אָנערקענטע פון דער מדינה, צו וועלכער מ׳האט אליין געהערט, און אין שוץ, פון וועלכער מ׳האט לאנגע יארן געלעבט און געארבעט. דאָ האָבן דאָך געמשפט שופטים, הויך געשטעלטע, גייסטלעכע־אונטערן שוץ פון מדינה און קלויסטער.

איז ווען ס׳איז פארלוירן געגאנגען די האפנונג אויף א גערעכט לעבן דא, אין עמק הבכא, ווען ס׳האט זיך געדאכט, אז נישטא קיין אויסוועג פון דעם מצב, האט געמוזט מקויים ווערן דער אלטער געדאנק פון קומען פון דערלייזער פון דער וועלט, אין וואס יידן האבן תמיד געגלויבט. איז בוסק — וואס האט דאך, ווי מיר האבן געזען — געהאט אירע נאענטע פארבינדונגען מיט דער ברייטער וועלט, אויך נישט געבליבן אין דער זייט, אויך דא האט שבתי צבי באקומען אנהענגער, וואס האבן אבער נישט מיט זייער צאל און נישט מיט זייער פערזענלעכער וואג, — נישט פארנומען קיין אנגעזען ארט.

סוף סוף איז דאס פאלק דער רוב מנין און רוב בנין געבליבן גלייכגילטיק צו דעם ענין. די „באוויזן״ וועגן קומען פון משיח האבן נישט געקאנט איבערצייגן דאס פאלק. אגב, זיינען זיי אויך נישט געווען אין הסכם מיט דער פאלקסטראדיציע, וואס האט זיך דאס קומען פון משיחן גאנץ אנדערש פארגעשטעלט!

די באציונג פון פאלק צו דער שבתי־צבי באוועגונג — אפשר איז דאס וואָרט „באוועגונג״ צו גרויס פאר דעם, וואס איז פאקטיש פארגעקומען אין אונזערע קאנטן און צו אירע באזונדערע אָנהענגער, דריקט זיך אויס אין דער באדייטונג, וואס דאס וואָרט „שבתי־צבי״ האט באקומען אין מויל פון פאלק. „שבתי־צביניק״ באדייט נעמלעך — ביזן היינטיקן טאג — א מענטשן א פאלשן, א רמאי, א הונטערליסטיקן און דעסגלייכן.

אינטערעסאנט, וואס ס׳גיט צו צו דעם דער פוילישער שרייבער סולימא[25]: דעם נאמען שאבסאצוויניק האט מען צוליב פאראכטונג געענדערט אויף שאַבסיאסווינניקעס / יידיש: שבתי־חזירים; אויף פויליש פאראן דא אויך אן ענלעכקייט פון קלאנג פון די צוויי ווערטער / אדער פשוט שאבסיאסווינקעס צי אפילו שאפלאסווינקעס — א ריי אָפשפעטנדיקע באצייכענונגען, מיט וועלכע ס׳האבן זיך באנוצט די יידן אין פוילן, און וואס זיינען אריין אין דער פוילישער שפראך און ליטעראטור.

אבער דער געדאנק און די האָפנונג אויף א משיח האט געדרימלט אין דער נשמה פון פאלק — אויך נאך דעם, ווי שבתי צבי איז אזוי מיאוס אדורכגעפאלן. דאס איז דאָך אן אייביק בענקען און שטרעבן פון א מענטשלעכער נשמה נאָך אָ פארווירקליכטן אידעאַל! דער געדאַנק און דער אידעאל איז דאך סוף סוף נישט געבונדן מיט קיין קאנקרעטן מענטשן, וואָס קאָן אזוי צי אזוי געשטרויכלט ווערן, אבער דער אידעאַל בלייבט דאך ווייטער אידעאל, איז טאקע נישט קיין ווונדער, וואס אויך שפעטער מיט בערך א הונדערט יאָר, ווען ס׳האט זיך באוויזן א נייער „גואל ישראל״, האט אויך א טייל יידן געוואלט גלויבן, אז ער איז די פארקערפערונג פון זייערע אידעאלן. מיר מיינען דא דעם נייעם נביא שקר: יעקב פראנקן. אויך ער — הגם א געבירטיקער אין פוילן (קאָראָלוווקא, פּאָדאָליער קאנטן) — האָט אויפגעשיינט אין ווייטן מזרח („פון מזרח קומט דאס ליכט״) — און אין זיין „טריומף־רייזע״ האט ער זיך אפגעשטעלט אין די מקומות פון זיינע קינדער־יארן, ווו געזוכט אָנהענגער צווישן אייגענע: און אין זיין נסיעה איבער פאדאליע, רייסן, האט ער זיך אויך פארהאלטן (אין י. 1755) אין דער שטאָט בוסק, ווו — ווי ער האט זיך דערנאך אליין בארימט — אזש 30 בעלי בתים זיינען צו אים צוגעשטאנען.

פראנק און זיינע אָנהענגער — קענטיק אונטערן איינפלוס פון די גייסטלעכע פון קאטאָלישן גלויבן — זוכט צו אָרגאניזירן וכוחים מיט די יידן („תלמודיסטן״), כדי נאכצווייזן זיי זייערע פעלער און ארויסווייזן זיין אייגענעם אמת. אזעלכע וכוחים — עפנטלעכע זיינען פארגעקומען אין קאמענעץ פּאָדאָלסקי, 1757, און אין לוואָוו 1759. מער קיין וכוחים זיינען נישט פארגעקומען, הגם פראנק האט זיך וועגן דעם באמיט.

אין ערשטן ויכוח צווישן די פראנקיסטן און תלמודיסטן, וואס איז פארגעקומען אין קאמענעץ, זיינען מצד די פראנקיסטן ארויסגעטרעטן 19 „שבתאיים און מתנגדי התלמוד״[26], דערונטער פיר פון בוסק: לייזער, נחמן בן שמואל, יצחק בן מרדכי און נחום.

---

25. ד. 24 Zygmunt Lucyan Sulima: Historia Franka i Frankistów. Kraków 1893.

26. מ. בלבן: לתולדות התנועה הפראנקית. (חלק ראשון, תל־אביב תרצ״ד, חלק שני תרצ״ה). חלק ראשון ע׳ 138.

דאקעגן אין שפעטערדיקן וכוח אין לוואָוו קומען שוין נישט פאר די בוסקער פראנקיסטן.

פון צווישן די פיר אויסגערעכנטע געפינען מיר דעם נאמען נחמן בן שמואל — א פוילישער מקור באצייכנט אים „רב פון בוסק" — אין דער רשימה פון די יעניקע, וואס האבן אָנגענומען דעם שמד נאכן לעמבערגער וכוח. ער באקומט דעם נאמען פיאָטר יאקובאָווסקי.

פארשטייט זיך, אז איןביידע די וויכוחים, וואס זיינען פארגעקומען אונטערן חסות פון דער קאטוילישער גייסטליכקייט און מיט זייער בפירושער נטיה צו פארטיידיקן די „אנטי תלמודיסטן" — פראנקיסטן — קענען די רדיפות פון די תלמודיסטן, האבן זוכה געווען די פראנקיסטן. די משפטים האבן דערפירט צום גזר פון פארברענען דעם תלמוד אין פאָדאָליע און צו נייע־רדיפות קעגן יידן — נישט ווינציקער אכזריותדיקע, ווי אין פריסטן מיטלאלטער צי אלטערטום. — איצט אין דער נייער תקופה פון אויפבליענדיקן — אויך אין אָפגעשטאנענעם פוילן — ראציאָנאליזם, אין דער תקופה פון „אייראפעישער אויפקלערונג", השכלה.

צו דעם האט גורם געווען אין גאָר א גרויסער מאָס יעקב פראנק און זיין „תורה".

נישט דאָ איז דאָס אָרט אָפצושטעלן זיך אויף דער דאָזיקער „תורה" און אָפשאצן מיטן קלאָרן שכל, מיט לאגישע ארגומענטן, אויב בכלל די „תורה" האט עפעס א ראציאָנעלן, לאָגישן יסוד. און אויב בכלל זי איז אָן אריגינעלע המצאה פון פראנקן און נישט קיין צונויפמיש פון ברוכטיילן פון פארשידענע אמונות, אבערגלויבנס און סתם... פאנטאזיע און פראלערייען.

און פראנקס „טעזע" וועגן דער דריי־הייליקייט, עתיקא קדישא, מלכא קדישא, מטרוניתא עליונה, נישט קאנסעקווענט און נישט קלאָר אויסגעדריקט, איז אויך נישט זיין אָריגינעלע המצאה. א פראגע איז נאך, צי האט פראנק באמת אין די אלע פארשידנארטיקע טעזן, וואס ער האט משך פון יארן געפרעדיקט פאר אנדערע, אליין געגלויבט.

גיכער זיינען זיינע טעזן — אויך די רעליגיעזע — א רעזולטאט פון זיינע פאָליטיש־רעליגיעזע אונטערהאנדלונגען, וואס ער האט געפירט מיט די רעגירנדיקע קרייזן. אָפהענגיק פון זייער שטעלונג איז ער גרייט געווען ענדערן אזא צי אנדערע רעליגיעזע טעזע, צי אנדערע רעליגיע: קריסטנטום, איסלאם, פראוואָסלאוויע.

פארשטענדלעך: אין פראגן פון דת, גלויבן, קאָן מען נישט צוגיין מיט קאלטער לאָגיק. דערצו איז נויטיק... אמונה. וועלן מיר אויך נישט צוגיין צום פראנקיזם פון דעם שטאנדפונקט. נאָר דאָס אליין, וואס די פארשטייער פון פראנקיזם, און דערונטער אויך איינער פון זייערע פירזאגער הרב (?) נחמן בן שמואל פון בוסק, האבן אונטער א שבועה עדות געזאגט, אז יידן באנוצן קריסטלעך בלוט אויף פסח — דעמאסקירט שוין לחלוטין די דאזיקע כנופיה.

ווער ווער, נאר זיי — די אמאָליקע יידן, איצטיקע פראנקיסטן, און בקרוב גאָר קאטאָליקן — האבן דאָך זיכער געוווסט דעם אמת[27].

איז טאקע נישט קיין ווונדער, וואס אין יענע יארן האבן זיך געמערט די עלילות דם־פראצעסן און די פינף יידן, וואס זענען אין פראָצעס אין וואָיסלאוויצע 1560 פאראורטיילט געווארן צום טויט (פיר זיינען געקעפט געווארן און איינער, דער רב, האט זיך פאר דעם אליין אויפגעהאָנגען) — איז זיכער א רעזולטאט פון פראנקס השפעה.

אויך די בקשה פון די פראנקיסטן צוגעשטעלט דעם 16.5.1759 דעם פרימאס פון פוילן לוביענסקי, און דעם קעניג אוגוסט דער דריטער, איז נישט ווייניק פראָוואָקאָטאָריש כלפי די יידן; זיי פארלאנגען אין זייער סופליקע א נייעם וויכוח מיט די יידן, כדי צו דערווייזן, אז זייער ווילן צו שמדן זיך פליסט נישט ארויס פון זייער אָרימקייט, אדער פון אנדערע פארדעכטיקע און נידעריקע נטיות, וואס זיינען „אייגן אונזער פאלק" (ד.ה... די יידן), נאר פון אמתן גלויבן א.א.וו.

אויך דער צווייטער פונקט פון זייער סופליקע וועגן געבן זיי אן אָרט אויף צו באזעצן זיך; בוסק אדער גליניאַני איז פול מיט באשולדיגונגען און באליידיגונגען קעגן יידן. זיי שרייבן, אז זיי ווילן נישט באשעפטיקן זיך מיט קרעטשמעריי „העלפן דערמיט צו שכרות און צאפן קריסטלעך בלוט, צו וואס די תלמודיסטן זיינען צוגעוווינט"[28].

קלאָר און דייטלעך האבן די פראנקיסטן ארויסגערוקט די באשולדיגונג פון עלילת־דם אין זייער לעצטער, זיבעטער, טעזע אין לעמבערגער ויכוח, נעמלעך:

---

27. וועגן דעם ענין שרייבט ג. שלום אין זיין ברייט־פארמאָסטענעם ספר „שבתי צבי והתנועה השבתאית בימי חייו" (ת"א תשי"ז): „בספרותם (של הדרשנים הפרנקיסטים) הפנימית לא נזכרת אף במלה אחת עלילת־הדם שראשיהם העלילו על הרבנים בפומבי, כשם שמעשה זה נעשה מתוך הלחץ החיצוני של גורמים בכנסיה הקתולית, ועל כן לא חשבוהו לדבר שבאמת ראוי לאבד עליו מלה"... (כרך 2 ע' 730).

אויב ס'איז ריכטיק, וואס ס'זאגט פראָפ' שלום — פארקלענערט דאס נישט די שולד פון די פראנקיסטישע-פירער, נאר פארקערט באווייזט נאך מער זייער געוויסנלאָזיקייט און צוגלייך, ווער ס'האט אראנזשירט די וויכוחים צווישן די פראנקיסטן און יידן און צוליב וואס. צוליב אייגענעם מאטעריעלן נוצן זיינען די פראנקיסטן מגולל אויף די יידן אן אומגליק וואס האט נישט קיין גרענעצן.

28. געבראכט לויט Z. L. Sulima; דאס ציטירטע ווערק ז. 101 ביי באלאבאנען ; 2. L. Snlima

קלינגען די ווערטער אין עברית: „כי איננו משערים, שאחד משלנו ישתקע מעתה בבתי־מרזח לבקש את לחמו על ידי עזרה לשכרות ועל ידי השמוש בדם הנוצרים, שהתלמודיים רגילים בהם" (כרך שני, ע' 204/5).

וואס שייך די צוויי ערטער, ווי זיי ווילן זיך באזעצן: גליניאַני און ביסק, כלומרשט ווייל בהן חיים רוב אחייהם — האבן די זעלבע פראנקיסטן מיט א שטיקל צייט שפעטער געבעטן אנדערע טעריטאריעס, אפילו אין ליטע, ווו זיי האבן לכל הדעות קיין שום אחוזה נישט געהאט, פארשטייט זיך, אז פון דעם אלעמען איז גארנישט נישט ארויסגעקומען צוליב דער — ווי איך מיין — נישט אויפריכטיקייט פון די פראנקיסטן גופא.

זיי האבן דערקלערט: דער „תלמוד לערנט, אז בלוט פון קריסטן איז נויטיק, און ווער עס גלויבט אין תלמוד, מוז זיך דאמיט באַנוצן".

פראָפ'. באלאבאן [29] באמיט זיך נאכצווייזן, אז דעם פונקט פון ויכוח האבן ארויסגערוקט די גייסטליכע און נישט די פראנקיסטן — איז ווידער די זעלבע מעשה, נישט וויכטיק איז דאך פאר אונז, ווער ס'האט אויסרעזשיסירט דעם ויכוח. וויכטיק איז, ווער ס'איז געשטאנען אונטער אים און גענומען אויף זיך די פולע פאראנטווארטונג פאר די ארויסגערוקטע טענה.

דער רעזולטאט פון דעם אלעמען... די פראנקיסטן האבן זיך אנגעהויבן צו שמדן. פון דער רשימה פראנקיסטן, וואס האבן אין די יארן 1760—1759 אנגענומען דעם קריסטליכן גלויבן אין דער שטאט לוואוו, און וואס אנטהאלט 514 נעמען — זיינען ארום 100 נעמען פון בוסק. עס איז כדאי אָבער צוצוגעבן, אז אַגרויסער טייל פון די געשמדטע זיינען קליינע קינדער, פון עטליכע יאר, צי אפילו עטליכע חדשים און וואכן. אויב איר וועט נאך דערצו צורעכענען די פרויען, מיידלעך, בחורים, וועט איר נישט אנציילן קיין דרייסיק שטאטישע בעלי־בתים פון בוסק. די גענויע רשימה פון די געשמדטע ווערט געבראכט ביי א. קראוסהאר [30].

פון דער רשימה פון א 14 יידן, וואס האבן זיך געשמדט איןווארשע אין 1760 י. איז פאראן איין בוסקער, דאס זעלבע איז שייך דער רשימה פון קאמעניץ פאַדאָלסקי פון די יארן 1760—1755 (1 בוסקער אויף 29 אנדערע) [31].

א טייל פון די געשמדטע זיינען דערנאך דורכן קעניג סטאניסלאוו אוגוסט — אין די יארן 1786—1765 נאָביליטירט געוואָרן — ד.ה. צוגערעכנט געווארן צו דער שליאכטע.

וועגן דעם, וואספארא קאטעגאריע יידן האבן אנגענומען דעם שמד, שרייבט קראוסהאר — וואָס אַליין, אן אפשטאמיקער פון יידן, צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין איבעריקער ליבע צו די „תלמודיסטן", איבריגנס אויך פארן גרינדער פון פראנקיזם האט ער נישט קיין איבריקע אנערקענונג; ער באצייכנט אים (און מיר מיינען גאנץ ריכטיק): פסיכאָפאט! — „עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אז די דאזיקע יחידים האבן נישט געהערט צו די אנגעזעענע צווישן די יידן נישט וואס שייך זייער תלמודיש וויסן און נישט וואס שייך זייער פארמעגן.

נישט רעכנדיק די פרויען און די גרויסע צאל מינדעריעריקע קינדער האט די גרופע פון 156 מענער געשמדטע (בכלל אין גאנץ פוילין — נ.ב.) באשטאנען אויסשליסלעך פון קליינע סוחרים און בעלי־מלכאות, פון מענטשן,

---

29. לויט באלאבאנען האבןביידע צדדים גערעדט יידיש, ווייל קיין אנדערע שפּראַך האבן זיי נישט געקענט. דאקעגן דעם פּראָטאָקאָל פון ויכוח האט צונויפ'געשטעלט דער גלח פוקולסקי אויף פויליש. פארגלייך: „שטודיען אונד קוועלען..." ז. 28.

30. Aleksander Kraushar: Frank i Frankiści polscy 1726—1816. T. I Kraków 1895. Sulima 119.

31. קראוסהאר, ז' 214—220.

וואס דאס אננעמען דעם שמד האט זיי פארזיכערט אן ענדערונג צום בעסערן אין זייער סאָציאַלער לאגע, דאס האט זיי דערמעגלעכט ארויסצורייסן זיך פון דחקות און שפלות און דערשלאגן זיך צו א העכערן שטאפל...

עס קאן דא נישט זיין קיין רייד ווי עס שיינט — וועגן אידעישע סיבות, וועגן ליבע צו דעם נייעם אנטפלעקטן אמת אדער וועגן דעם ווילן צובאהעפטן זיך פעסטער מיט דער פוילישער געזעלשאפט דורכן אננעמען דעם נייעם גלויבן" [32].

די ווייטערדיקע געשיכטע פון פראנקן גופא און זיינע אָנהענגער באווייזן דאס פולשטענדיק.

בעתן צווייטן ויכוח אין לוואָוו איז אין בוסק געווען רב דער רב פון באָהאָראָדטשאני, ר׳ דוד פנחס [33]; ר׳ פנחס האט זיך באטייליקט אין וכוח אין לוואוו קעגן די פראנקיסטן, און אפילו געווען דער ראש המדברים פון צווישן די רביניסטן.

מיט אים איז פארגעקומען אין צווייטן טאג פון ויכוח א נישט אנגענעמער אינצידענט. די יידן האבן געדארפט ענטפערן אויף דער צווייטער טעזע פון די פראנקיסטן, אז לויט אליהו הנביא׳ס נבואות איז שוין דער משיח געקומען, און וועט שוין מער נישט קומען. — דאס האט געדארפט געשען אין זעקסטן יארטויזנט זייט בריאת העולם — לויט יידישער רעכנונג — און דער יאָרטויזנט האט זיך דאך שוין אנגעהויבן — הייסט עס: דער משיח איז שוין געווען!

הרב פנחס וואס האט אָנגעהויבן זיין ענטפער אויף לאטייניש, האט ווארשיינלעך מיט פארוווּנדערונג אַ פרעג געטון: „צי האט זיך דען משה רבנו טועה געווען" [34]... דאָס האט שלעכט פארשטאנען דער פאָרזיצער, וואס האט געפירט דעם ויכוח, דער גלח מיקולסקי, ער האט איבערגעהאקט הרב פנחס און אויסגערופן צום רבין: „דו הולטאי, אפילו אין משה רבנו גלויבסטו נישט, איז נישט קיין חדוש אז דו נעמסט נישט אן די אמונה אין... ישו..." [35] דערמיט איז הרב פנחס געפסלט געווארן — און מער זיך נישט באטייליקט אין ויכוח. זיין אָרט האט פארנומען ר׳ דוד, דער רב פון סטאניסלאַוואָוו.

---

32. קראַושהאר, ז. 211/2.

33. איין פוילישער מקור רופט אים: נוטקאָ מאָשיעק [נתן משה].

34. זייטן 377—327.

35. לויט באַלאַבאַנען, וואס זיך סומך אויף אן אנדערן מקור, האט דער פאָרפאַל געהאט אזא פארלויף: „בתשובה על דברי (של מיקולסקי) אמר הרב, כי את שנות חיי משה אין להכניס בחשבון, „משום ששנות משה אבדו". אז בערה חמת הכומר ומשכחו כי לפניו רב ובא כוח היהודים, קרא לעומתו את הדברים האלה: „הוי, בן בליעל! היקום בך רוח להטיל קבל עם חרפה כזו על משה שלי ואבי כל ישראל? וכי מה רעה עשה לך משה כי אבדו לו שנותיו? איככה לא תחרף את משיח האמת האלהים והאדם, אם לא תחוס בפרהסיה על כבודו של משה? (בלבן, ע׳ 223).

מיט די טרויריקע וויכוחים פון פראנקן און זייערע נאכווייענישן האט זיך פארענדיקט די געשיכטע פון יידן אין פוילן פון די קאנטן, צו וועלכע ס'האט געהערט בוסק!

## אין די גרענעצן פון עסטרייך 1914—1772

נישט לייכט איז געווען דאס לעבן פון די יידן אונטער דער נייער ממשלה. די רעכט פון די יידן זיינען אין דער ערשטער צייט נישט פארגרעסערט געווארן, דאקעגן זיינען געוואקסן די ביז איצטיקע שטייערן (קאָפּשטייער פון 1 זלאטי פאַר „א קאָפּ" — אויף 2 זלאטיס) און עס זיינען צוגעקומען נייע: שטייערן פון ליכטצינדן (בענטשן ליכט ערב שבת צי פאר א יום־טוב איז אויך געווארן א מקור פון הכנסות פאר דעם עסטרייכישן מלוכה־אוצר, און ס'איז דערגאנגען דערצו, אז פון ליכט־שטייער איז אפהענגיק געווען דאס וואל־רעכט צו דער יידישער־קהלה!) פלייש־שטייער, (די ביידע שטייערן אויפגעהויבן ערשט אין 1848) און... פון חתונה־האבן. אויף דעם לעצטן האט מען אויך געמוזט האבן א געוויסע צייט א באשטעטיגונג, אז מ'האט געענדיקט די רעגירונגס־שול פאר יידן, צו וועלכער יידן האבן זיך באצויגן מיט גרויס אומצוטרוי, און נאכן פארמאכן די שול, האט מען פון חתן־כלה פארלאנגט א צייגניס, אז זיי האבן אפגעגעבן א ספעציעלע פריפונג פון „רעליגיע" — דאס אלץ האט דערפירט צו געהיימע חתונות אדער בלויז רעליגיעזע; פארוואָס די מאכט ווידער האט געשטראפט בכל חומרת הדין.

לאנג האבן געדויערט די אלע באשטעטיקטע פון אויבן, און נאך מער פארקריפלטע אויפן ארט דורך דער לאקאלער אדמיניסטראציע, פאראָרדנונגען, וואס האבן זיך געלייגט מיט א שווערער לאסט אויף די יידן, בפרט אויפן ארימען קלאס — אגב, פאר די „בעטל־יידן" האט דער עסטרייכישער קייזער יוזעף דער צווייטער קיין שום רחמנות נישט געהאט און געהייסן זיי כאפן אויפן ארט און אריבערוואַרפן איבער דער רוסישער גרעניץ, נישט רעכנדיק זיך דערמיט, וואס דארט וועט זיי געשען!

לסוף האבן די יידן — נאך א לענגערן קאמף — באקומען פולע גלייכבארעכטיגונג... אויפן פאפיר (1868); ווייל אין דער פראקטיק האבן די באקאנטע עסטרייכישע בעאמטן געוווסט, וויאזוי נישט פאלגן קיין געזעץ, ווען ס'האט זיך געהאנדלט אין א יידנס א טובה. די עסטרייכישע אדמיניסטראציע האט אין דעם פרט געהאט א שם אויף דער וועלט. פונקט ווי באקאנט זיינען געווארן די וואלן אין גאליציען, ווי דער ווילן פון קרייזהאופטמאן האט איבערגעוווגן די צענדלינקער טויזנטער שטימען פון יידן און אוקראינער, בעת זיי זיינען געגאנגען אין א געמיינזאמען וואלבלאק צו די וואלן אין רייכסראט צי לאנדראט און געהאט אן איבערוויגנדיקע מערהייט!

פון דעסטוועגן האט זיך די שטאט בוסק — אונטער עסטרייך פון עקאנאמישן שטאנדפונקט שטארק אנטוויקלט, און אויף דעם געביט האבן יידן אסך אויפגעטון.

עס אנטשטייט אין שטאט א גרויסע גארבערייי, וואס געהערט צו א יידן (פרידריך פערשעל), זי באקומט באשטעלונגען פארן מיליטער, וואס גיט איר א מעגלעכקייט פון וווקס. עס אנטשטייט א פאפיר־פאבריק א.א.

אין גאליציישן עסטרייך איז אויפגעקומען אויף די יידן א נייע צרה: מיליטערדינסט. אויך דאס האט אָנגענומען פארשיידענע פארמען, ביז ס'איז איינגעפירט געווארן די אלגעמיינע מיליטער־פליכט פאר אלע אן אויסנאם בירגער — מענער פון א געוויסן עלטער (21 יאר) און אנטשפרעכנדיקער פיזישער קאנדיציע (1876). קודם האט מען באשטימט א געוויסן קאנטינגענט פאר יעדן קרייז, אפהענגיק פון זיין גרויס. שפעטער האט מען דאס געענדערט אויף א געוויסן אפצאל (מיליטער־שטייער); דערלויבט צו שטעלן אן ערזאץ־מאן, וועו די פליכט פון דינען אין מיליטער איז אויף עמעצן ארויפגעלייגט געווארן. מיט איין ווארט, די אלע פאַרשריפטן, וואס האבן זיך זייער אפט געענדערט אפיציעל און אמטלעך, האבן אין דער פראקטיק אנגענומען ביים אויספירן זיי דורך די נידריקע אינסטאנצן נאך מער אומגעלומפערטע פארמען.

וועגן איינעם אזא עפיזאד, וואס איז פארגעקומען אין בוסק, דערציילט אונז... דער באקאנטער פאליטיקער און ווארט־זאגער פון פראנקרייך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, פארזיצער פון דער פרידנס קאנפערענץ אין ווערסייל, זשאָרזש קלעמאַנסאָ.

אבער קודם א באמערקונג, וויאזוי קומט קלעמאנסא קיין בוסק?

דער זון פון לאנג־יעריקן דאקטאר אין בוסק שעפס, מאריץ שעפס, איז געווארן א באקאנטער און עסטרייך פאליטיקער און זשורנאליסט; ער איז געווען לאנגע יארן דער רעדאקטאר פון די ליבעראלע צייטונגען, קודם, „נייע ווינער טאגבלאט", שפעטער פון „ווינער טאגבלאט", וואס ער גרינדעט — מיט דער פינאנסיעלער הילף פון באראן הירש (1886). אינטערעסאנט, אז צווישן די צוויי יידישע מענער, וואס זיינען געווען באזארגט וועגן דער וואקסנדיקער רעאקציע אין עסטרייך און בכלל וועגן דער צוקונפט פון דער מדינה בכלל, האט פארמיטלט דער קרוינפרינץ רודאלף, דער זון פון קייזער פראנץ יאזעף[36]. שעפס איז געווען אן אנהענגער פון אן עסטרייך־פראנצויזישער אליאנס און קעגן א פארבינדונג מיט דייטשלאנד. אין דעם זינען האט ער געשריבן זיינע ארטיקלען און אין צוזאמענהאנג דערמיט — געהאט קאנטאקטן מיט אנגעזעענע ליבעראלע פאליטיקער אין עסטרייך. דאס האט אים דערפירט צו א נעניטערער באקאנטשאפט און אפילו פריינדשאפט מיטן דערמאנטן קרוינפרינץ. אין צוזאמענהאנג דערמיט איז אויך שעפס געקומען אין קאנטאקט מיט די פירער פון די פראנצויזישע רעגירונגס־קרייזן — פרעמיער גאמבעטא — און שפעטער צו מיטן אויפגייענדיקן אין יענער צייט פאָליטיקער זשאָרזש קלעמאנסאָ. די באציונגען צווישן שעפסן און קלעמאנסא זיינען געווארן אזוי

---

36. Ich erlebte fünfzig Jahre (די טאכטער פון מאָריץ שעפס) Berto Szeps — Zuckerkandl Weltgeschichte. Stockholm 1939, 134 S.

נאענטע און אינטימע, אז דער ברודער פון זשארזשן פאול קלעמאַנסאָ, האט חתונה געהאט מיט דער עלטערער טאכטער פון שעפסן, זאפיען (1888).

איז געשען, אז בעת זיינע אפטע רייזעס קיין עסטרייך (קארלסבאד, ווין) איז זשאָרזש קלעמאנסאָ צוזאמען מיט שעפסן געפארן איינמאל קיין בוסק אויף... קבר אבות. און אט די רייזע האט געגעבן קלעמענסאָען [37] שטאָף פאר אייניקע פון זיינע דערציילונגען, וואס זיינען דערשינען אויף פראנצויזיש אונטערן טיטל: [38] Contes juifs, Au pied du Sinai ? („צופוסנס פון בארג סיני. יידישע דערציילונגען"). און דערנאך אויך [נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, 1922] אין א דייטשער און ענגלישער איבערזעצונג. איינע פון די דערציילונגען טראָגט דעם נאמען Busk (אגב, אין דער דייטשער איבערזעצונג, וואס איז נישט פריי פון געוויסע פאָליטישע אויסלאָזן, הייסט די דערציילונג: „איין גאליצישעס שטעדטכען" און דאס שטעטל (Village) אזוי אין פראנצויזישן אָריגינאל — ווערט אין דייטש איבערזעצט... „דאָרף" א.א.וו.).

אויך א צווייטע דערציילונג Schlomé le Batailleur (אויף דייטש: שלמה דער קריגער) פון דעם ביכל איז נוגע בוסק. דערביי באצייכנט דער מחבר, אז די מעשה איז אן אמתע, ער זאל זי האבן געהערט אין בוסק, בעת ער איז דאָרט געווען. און אזויווי די מעשה שפיגלט אָפּ א שטיק יידישע געשיכטע פון די יידן אין עסטרייכישן גאליציע, וועלן מיר די געשיכטע איבערגעבן אין קורצע ווערטער:

ווי באוווסט, האט דער קייזער יוזעף דער צווייטער (1790—1780) ארויפגעלייגט אויף די יידישע קהלות די פליכט צוצושטעלן א געוויסע צאל בחורים צום מיליטער־דינסט. בוסק האט געדארפט צושטעלן פיר בחורים א יאָר. געוויינטלעך פלעגט מען זיי נעמען פון די פליטים פון רוסיש־פוילן, וואס זיינען געווען אָן מיטלען צום לעבן און פאר א געוויסן אָפּצאָל אָנגענומען די עסטרייכישע בירגערשאפט און געגאנגען אין מיליטער, ווי די אויסלייזער פון די בוסקער בחורים, וואס זענען געבליבן אין דער היים. אזוי איז געבליבן אלאַנגע צייט. אין יאָר 1848 האט אָבער דער קייזער פראנץ יאָזעף געדארפט האבן מער סאלדאטן און פון שטעטל בוסק פארלאנגט גאנצע 12 מאן, די ארימע קהלה האט נישט געהאט די נויטיקע געלט־מיטל אויף צו קויפן אזוי פיל סאלדאטן, האט זי אין הסכם מיט דער ארטיקער זשאנדארמערי — באשטימט שלמה, דעם לאַטוטניק, איינעם פון די גרעסטע ארימע־לייט פון אָרט, ווי איינעם פון די צוקינפטיקע סאלדאטן. שלמה ווערט ביינאכט צוגענומען, אריבערגעפירט קיין זלאָטשיוו. דא שערט מען אים אָפּ די באָרד און פאות, מ'טוט אים אָן אין א מיליטערישן מונדור און מ'שיקט אים אויפן פראָנט. אין דער היים בלייבט

37. ד"ר יוסף טענענבוים אין זיין ביכל: גאליציע, מיין אלטע היים (בוענאס־איירעס, 1952) האט א טעות, שרייבנדיק (ז. 114/5), אז דער מחבר פון די דערציילונגען איז פאול קלעמאנסאָ.

38. ערשטע אויפלאגע 1897, צווייטע 1920.

זיין ווייב מיט די פינף קינדערלעך אין דער גרעסטער נויט. נאך צוויי יאר קעמפן קומט שלמה צוריק אין שטעטל אויף אורלויב. ער האט זיך אין די קאמפן אויסגעצייכנט, באקומען קריגס־אויסצייכנס און דערוואָרבן זיך דעם גראד פון אונטעראפיציר.

יום־כיפור גייט ער ווי אלע יידן דאווענען, פארוואָרפט זיין אלטן טלית אויפן מיליטערישן מונדור און לאנגן זייבל (ווּעלכן, ווי דער מחבר שרייבט, ער נעמט מיט אויך אין שול). ווען ס׳קומט צו קריאת־התורה, שטעלט זיך שלמה אוועק מיטן זייבל אין האנט אויפן בעלעמער, לאזט נישט לייענען; ביז קהל זאגט אים נישט צו 350 גילדן אויף אויסצוהאלטן זיין פרוי און זיין משפחה. נאך געוויסע אמפערנישן ווערט דאס אים צוגעזאגט (און דעם אנדערן טאג אויך אויסגעצאלט). שלמה פארט אפ צוריק צום מיליטער, נאך פיר וייטערדיקע יארן דינסט, קומט ער אהיים; פארלאָזט זיך צוריק א באָרד און פאות און ווערט צוריק דער זעלבער לאטונטניק וואס פריער. קיינער דערקענט נישט אין אים דעם אמאליקן מיליטער־מאן און זיגער. געבליבן איז אים בלויז פון דער גאנצער מלחמה דער צונאָמען: „שלמה דער קריגער״.

קלעמאנסאָ באוווּנדערט אין זיינע יידישע דערציילונגען די פייאיקייטן פון די יידן צוצופאסן זיך צו די אנגעוואָרפענע זיי לעבנסבאדינגונגען ער שטרייכט אונטער זייער לעבנס־קראפט און אויסדויער וואס האט בייגעקומען די אלע פארפאלגונגען וואס זיי האבן געהאט אויסצושטיין אין זייער לאַנגער געשיכטע און ער שטרייכט אונטער: „די יידן וועט מען קיינמאל נישט אויסראטן. ישראל, וואס האט אין זיין גאנצער לעבנס פעיקייט איבערגעלעבט דאס מיטלאלטער, וועט קיינמאל מער נישט אונטערליאָכט ווערן״.

געשריבן איז דאס געוואָרן אייניקע צענדלינג יאר איידער צו דער מאכט איז געקומען היטלער... און דאָס קלינגט היינט ווי א נבואה.

וואס שייך דער שטאט בוסק גופא, האט זי נישט געפונען קיין חן אין די אויגן פון קלעמאנסאָ, אגב, בוסק דינט פארן מחבר ווי דער סימבאל פון גאליציע בכלל און די בוסקער יידן זעט ער אויך אין קארלסבאד (די דערציילונג וועגן קארלסבאד הייסט ביים מחבר: „אין ישראל״ (En Israel און אומעטום אין גאליציע.

אין בוסק — זעט דער מחבר נישט מער, ווי ריזיקע בלאָטעס און שמוץ; די הייזלעך — האלב־איינגעפאלענע, די דעכער מיט שטרוי באדעקטע — זיינען פון האלץ. אין צווישן די יידן הערשט אן אומבאגרענעצטע ארימקייט און עלנט. זיי לעבן ווי שאטנס. אָן אן אחווה אין לעבן.

אין יולי יאר 1914 ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, — דעם 28.7 פון דעם יאר האט עסטרייך הונגארן דערקלערט קריג סערביען, און דערמיט אנגעהויבן די קריגסהאנדלונגען.

דאס רוסישע מיליטער הויבט אן א גרויסע אפענזיווע און באזעצט אין א קורצער צייט כמעט גאנץ גאליציע. סוף אויגוסט 1914 זיינען די רוסן

שוין אין בוסק און זיי פארבלייבן דא ביז יוני 1915, ווען די שטאט ווערט באפרייט דורכן עסטרייכישן מיליטער.

בעת זייער קורצער הערשאפט האבן די רוסן אי אפיציעל דאָס דערקלערט אי פאקטיש אזוי געהאנדלט, ווי גאנץ מזרח גאליציע וואלט געווען א ריין רוסישע פראווינץ פון תמיד אן, וואס איז בלויז לאנגע יארן געווען אָקופירט דורך פולין און דערנאך עסטרייך. איצט ווערט עס באפרייט און צוריק איינגעגלידערט אין זיין היימלאנד. מ'האט אנגעבונדן אין דער אלטער טראדיציע פון די רייסישע פירסטן, וועלכע מ'באטראכט איצט פאר ריינע רוסן (נישט קיין קליין־רוסן, אוקראינער!) און עס באוויזן זיך אויך פאָדערונגען צו באגרענעצן און ליקווידירן די נייע אדמיניסטראציע־צענטערן, אויפגעשטעלטע דורכן פוילישן און עסטרייכישן אָקופּאַנט, ווי טארנאָפּאָל, סטאניסלאַוואָוו א.א. און דאקעגן צוריקאויפבויען די אלטע רוסישע שטעט, ווי האליטש, טרעמבאָוולע און בוסק און מאכן זיי פאר נייע אדמיניסטראציע־צענטרען... [39]

די דאזיקע פלענער האבן די רוסן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט באוויזן אדורכצופירן.

## אין אומאָפּהענגיקן פוילן 1919—1939

א שווער לעבן האבן געהאט אויסצושטיין די יידן אין בוסק אין אומאָפּהענגיקן פוילן, אין די יארן 1919—1939. אָנגעהויבן האט זיך עס מיט די קאמפן צווישן די פאלאקן און אוקראינער וועגן דער ירושה נאכן צעפאלן זיך פון דער עסטרייך — הונגארישער מאָנארכיע.ביידע צדדים האבן פארלאנגט די מיטהילף פון די יידן, וואס זייער אנטייל אין דער באפעלקערונג פון מזרח־גאליציע איז נישט געווען קיין קליינער: העכער 10%. דער עיקר האבן אָבער ביידע קעמפנדיקע צדדים געוואלט אויסנוצן די צוגעהעריקייט פון די יידן צו זייער צד אויפן אינטערנאציאנאלן באדן. בפרט האט די ניי־פּראָקלאמירטע אוקראינישע רעפובליק געדארפט האבן אזא אונטערשטיצונג, כדי צו דערווייזן דער וועלט, אז זי איז און וועט זיין א דעמאקראטישע רעגירונג און דערפאר טאקע אָנערקענט די יידן, ווי א נאציאָנאלע מינדערהייט מיט אלע רעכט פון א מינדערהייט.

אבער די רעגירונג פון דער רעפובליק, וואס איר הערשאפט האט געדויערט זייער קורץ און איר סטרוקטור האט זיך עטלעכע מאָל געענדערט — האט נישט באהערשט די לאגע אויפן גאַנצן — קליינעם איבריגנס שטח. דאָ און דאָרט זיינען פאָרגעקומען איבערפאלן איבער יידן; פלינדערונגען און כל מיני „קאָנטריבוציעס" ביי יידן זיינען געווען אן אפטע דערשיינונג.

---

39. Feliks Przysiecki: Rządy rosyjskie w Galicyi Wschodniej: Piotrków 1915. 20/1 Str.

דער באשלוס פון יידישן נאציאָנאל־ראט אין לעמבערג, אז די יידן אנערקענען זיך — אין דעם קאמף צווישן פאלאקן אין אוקראינער פאר נייטראל, האבן ביידע צדדים באטראכט ווי א בגידה און זייערע נאציאנאלע אינטערעסן און געצויגן דערפון קאנסעקווענצן. באזונדער די פאלאקן זיינען פון דעם באשלוס געווען אנטוישט און אנגעהויבן צו רודפן די יידן, פאָרוואַרפנדיק זיי, אז זיי שטיצן די אוקראינער. אומעטום, ווו די פאָלאקן האבן פארטריבן די אוקראינער און דעראָבערט א ניי אָרט זיינען פארגעקומען עקסצעסן־גרעסערע אדער קלענערע. א גרויסער פאָגראם איז פאָרגעקומען אפילו אין לוואוו אין די טרויריקע נאוועמבער־טעג פון 1918 (22 און 23 טער), ווען אייראפע האט אדורכגעלעבט א נייעם „פרילינג פון די פעלקער" און א גאנצע ריי פעלקער טאקע האבן באקומען זייער אומאפהענגיקייט. — באזונדערס האָט זיך אין דעם זינען אויסגעצייכנט די פוילישע ארמיי אונטער דער אנפירונג פון גענעראל יוזעף האלער (אליין א מזרח־גאליצישער גוטבאזיצער), וואס איז געקומען גוט אויסגעריסטעט פון פראנקרייך און נישט אזוי אויסגעצייכנט זיך מיט קאמפהאנדלונגען, ווי מיט עקסצעסן קעגן יידן. שלאָגן יידן אָן אַ פארוואָס, צי שניידן בערד, זיינען געווען מעשים שבכל יום. טרויריק בארימט זיינען געווארן די פאלאקן פון „קולטורעלן" מערב, פויזן („פאָזנאנטשיצי"), וואס האבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אוממענטשלעכן אנטיסעמיטיזם.

נאכן באזייטיקן די אוקראינער פון מזרח־גאליציע — איז אנטדעקט געווארן ביי די פאלאקן א נייע סיבה פון רודפן די יידן; מ'האט זיי באשולדיקט אין אנהענגערשאפט אין קאמוניזם און העלפן דער רויטער ארמיי אין קאמף קעגן פוילן אין די יארן 1919—1920. אין אפריל 1919 קומען פאר אויף דעם הינטערגרונט — עקסצעסן און רויבערייען פון יידן אין בוסק מצד זעלנער און אפיצירן פון דער האלערישער ארמיי [40].

און ווען דאס לעבן האט זיך איינגעשטילט, איז נאך אלץ — ביזן סאמען סוף — יידן אויסגעקומען צו ליידן מצד דער פוילישער מאכט פון די פארשיידנסטע שיקאַנעס, דער עיקר אויפן עקאנאמישן געביט: נישט געגעבן קיין קאנצעסיעס יידן, אפטע שטראפן פאר כלומרשטע אדמיניסטראטיווע פארגיין הויכע שטייערן: הכנסה־שטייער, הויכע פראָצענטער פון פארלעגענע שטייערן א.א. [41].

---

.40 Matyrum ein Jüdisches Jahrbuch. Redigiert und herausgegeben von Jacob Krausz, Wien 1922. 56, 43.

.41 כדאי דאָ דערמאַנען דעם אָפענעם בריוו, וואָס ס'האט סוף 1926 צוגעשיקט דעם פוילישן פינאַנץ־מיניסטער אונדזער סיים־דעפוטאט משה פראסטיג וועגן „שטייער־אמנעסטיע פאר יידן". „צוליב די הויכע שטייערן און הויכע פראצענטער פון די פארלעגענע שטייערן — שרייבט פראָסטיג — זיינען טויזנטער, צענדליקער טויזנטער יידישע סוחרים, קרעמער און האנטווערקער צו גרונד געגאנגען — און אויב עס וועט נישט קומען קיין אמנעסטיע וועט דאס פוילישע יידנטום אינגאנצן דערשטיקט ווערן..." דער מארגן, 1927. I. 1.

אזוי איז געווען אין די ערשטע יארן פון פוילנס אומאפהענגיקייט, און די לאגע האט זיך מיט דער צייט נישט געביטן... צום בעסערן.

יידן איז אויך אויסגעקומען צו ליידן פון דעם קאנסעקוועגטן ווירטשאפטלעכן באָיקאָט, וואס די פאלאקן האבן פון אנהויב אן און מיט אן אלץ וואקסנדיקן טעמפא געפירט קעגן די יידן, נישט רעדנדיק שוין וועגן אנדערע פארמען פון באיקאט; נישט צולאזן יידן צו מלוכה — צי קאמונאלע — פאָסטנס; נישט געבן קיין שטיצע, אדער אין אן אומגענוגנדיקער מאס יידישע סאציאלע צי קולטורעלע אינסטיטוציעס. די פוילישע קאָאָפעראטיוון באמיען זיך ארויסצוציען פון יידישן סוחר אפילו דעם יידישן קונה.

אויף דעם געביט האט זיך נאך שטארקער געלאזט פילן דער אוקראינישער באיקאט. זייערע קאָאָפעראטיוון, געגרינדעט אין יעדן־קלענסטן אפילו — ישוב; האבן זיך באמיט איבערצונעמען די לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן־תבואה, אייער, מילך, פוטער — דירעקט פון פראדוצענט און צופירן זיי צום קאנסומענט סיי אין לאנד סיי אין אויסלאנד מיט אייגענע ד.ה. אוקראינישע הענט -– אָן צוצולאָזן א יידן צו דער ברייטער נעץ פון מיטארבעטער אויף די פארשיידענע שטאפלען פון זייערע ווירטשאפטלעכע אונטערנעמונגען. זיי האבן דאס באטראכט ווי א נאציאנאלע ארבעט ווי א דערגרייכונג אין קאמף קעגן דער פוילישער הערשאפט, צו וועלכער זיי האבן זיך באצויגן — אפילו די אממייסטן לאָיאלע מיט גרויס רעזערווע, און ווילנדיק נישט ווילנדיק קודם כל געטראָפן אין יידן.

די עקאנאמישע לאגע פון די יידן איז דעריבער געווארן אלץ ערגער. יידן — אויף ווי ווייט מעגלעך „אומשיכטן זיך”, זוכן נייע בארופן; זיי ארגאניזירן א ווירטשאפטלעכע קעגנזייטיקע הילף, אבער דער עיקר... זיי פארלאָזן די שטאָט זוכנדיק אין לאנד גופא — און אויף ווי ווייט מעגלעך אויך אין אויסלאנד א מעגלעכקייט פון אויסלעבן זיך.

פונדעסטוועגן האבן יידן אנגעהאלטן אין אלגעמיין זייערע ווירטשאפטלעכע און קולטורעלע פאזיציעס, געפירט זייער אינערלעך לעבן לויט זייער שטייגער און באמיט זיך אויסצושפילן זייער ראל אין שטאט און שטאָטישן לעבן. און דערביי געמוזט לאווערירן צווישן ביידע פאָלוסן: רעגירנדיקע שיכט, פאלאקן, און קעמפנדיקע פאר זייערע נאציאנאלע רעכט — אוקראינער.

אין רעזולטאט פון אזא מין לאווירירן — ביי א גוטן ווילן פון די אנדערע צוויי צדדים איז למשל אין י. 1927 צושטאנד־געקומען א פארשטענדיגונג פון די דריי נאציעס וועגן דעם צוזאמענשטעל פון דעם שטאט־ראט, אין וועלכן עס זיינען אריין: 18 פאלאקן, 17 יידן און 13 אוקראינער א שיינער רעזולטאט, וואס האט זיך שוין אבער שפעטער מער נישט אומגעקערט. פון צווישן די יידן זיינען אזוי ארום אויסגעוויילט געוואָרן: 8 ציוניסטן, 3 נאציאנאלע יידן, 2 אומפארטייאישע און 4 אָרטאָדאָקסן.

דער ווקס פון פוילישן שאוויניזם — שטרעבונג צו ווערן א גרויסמאכט — איר אלץ וואקסנדיקע אונטערדריקונג פון די נאציאנאלע מינדערהייטן, א חוץ דייטשן [נאכן אפמאך מיטן היטלער־דייטשלאנד פון יאנואר 1934], דער אלץ וואקסנדיקער נאציאנאליזם פון דער אוקראינישער באפעלקערונג — די אלץ מער פארוויקלטע אינטערנאציאנאלע סיטואציע — ווקס פון היטלעריזם,

אויף וועלכן די אוקראינישע נאציאנאלע באוועגונגען האבן געבויט זייערע נאציאָנאלע האפנונגען — דאס אלץ האט זיך אויך אפגעשלאָגן אויף דער געשיכטע פון די יידן אין בוסק. די רעזולטאטן פון די וואלן צום שטאטראט אין דעצעמבער 1933 זיינען שוין אין גאנצן אנדערע, ווי מיט פינף יאר צוריק: אויף 16 פארשטייער פירט דורך דער B B „בלאָק בעזפארטייני״, „אומפאַרטייאישער״ בלאק, וואס אונטערשטיצט די פוילישע רעגירונג, אָן שום באוואָרענישן, — גאנצע 4 ראטמענער, די אוקראינער („אונדאָ״) — 2; די פוילישע „קריסטן־דעמאקראטן״ — 4; סאָציאליסטן (פאָלאקן) 2, אומפארטייאישע 4, און 2 — אָרטאָדאָקסן![42] די אבסאָלוטע מערהייט האבן איצט די פאלאקן!

עס וואקסט דער זעלבסטהערשאפט־טריב פון די פאלאקן, דער צאָרן פון די אוקראינער, דער עיקר קעגן די יידן, — וואס דריקט זיך שפעטער מיט אייניקע יאר אויס אין זייער אפענער אונטערשטיצונג פון דעם דייטשן אָקופאנט ביים ליקווידירן די יידן — און... די הילפלאָזיקייט פון די יידן.

מיט דעם זיינען מיר אריין אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## חורבן בוסק

דעם 17.9.1939 איז די רויטע ארמיי אריבער די גרענעץ פוילן־ראטנפאר־באנד און געלאָזט זיך באפרייען — לויט אַ געהיימען אפמאך מיט דייטשלאנד, וואס איז ערשט שפעטער דער וועלט באקאנט געווארן זייערע „ברידער לויטן בלוט, די אוקראינער און ווייסרוסן״. — דערגייענדיק ביזן סאן האבן זיי אויך באזעצט בוסק, ווו ס׳איז תיכף איינגעפירט געווארן די סאוועטישע ארדנונג.

דער טייל פון געוועזענעם פוילן איז אנערקענט געווארן ווי די טעריטאריע פון דער אוקראינישער סאוועטן־רעפובליק. און די איינוווינער — חוץ אויסנאמען — זיינען אנערקענט געווארן ווי סאוועטישע בירגער. מ׳האט אפילו אין די ביי געוועזענע ערטער אדורכגעפירט אסענטירונגען צווישן דער יוגנט, דערונטער אויך יידישער.

אזוי איז געבליבן ביזן אויסברוך פון דער דייטש־סאוועטישער מלחמה דעם 22.6.1941.

דעם 1.7.1941 זיינען די דייטשן אריין קיין בוסק. דאס ערשטע, וואס זיי האבן געטון, איז געווען אויסצוגעפינען — לויט א פריער צונויפגעשטעלטער רשימה — די יידן, וועלכע מ׳האט באשולדיקט כלומרשט אין סימפאטיעס צום סאוועטן־פארבאנד. מ׳האט צונויפגעטריבן א 30 יידן — צווישן זיי דעם רב (!) אברהם באבאד, גבאי פון בית המדרש אהרן טענענבוים א.א. אויפן מארק־פלאץ און פון דאנען ארויסגעפירט מיט אויטאס און דערשאסן אין נאענטסטן וואלד.

ווי אין יעדן ארט ווערן אויך דא אדורכגעפירט די דייטשע געזעצן. יידן דארפן טראגן אן אָרעם־באנד, מיט א בלויען מגן־דוד צאָלן קאנטריבוציע א.א.וו.

---

42. „היינט״ 12.12.1933.

חוץ דעם פארלאנגען די דייטשן דאס אפליפערן פון גאָלד און אנדערע ווערט־זאכן, און וואס ניט? דאס זיינען די געזעצלעכע קאנפיסקאציעס, אחוץ דעם קומען פאר טאג טעגלעך רויבערייען פון סתם דייטשן — אפילו פון ציווילע — און דאס באגעגענען א דייטש אין גאס — ווערט לעבנסגעפערלעך.

עס ווערן פארשפרייט קלאנגען, אז די יידן, וואס ארבעטן נישט אדער זיינען שוין צו קיין ארבעט נישט־פעיק, וועלן ארויסגעשיקט ווערן פון שטאט; יידן באמיען זיך דעריבער אנצוקומען אויף ארבעט אין דייטשע אונטערנעמונגען צי אין הויז־ארבעט ביי דייטשן, כדי ארויסצובאקומען די געהעריקע שיינען. אבער אויך דאס העלפט נישט פיל.

יום כפור תש״ב (21.9.1942) אינדערפרי ווערט געמאלדן, אז אלע יידן דארפן זיך שטעלן — אונטער דראונג פון טויט־שטראף פאר נישט שטעלן זיך — אויפן מאַרק־פלאץ, כדי אפצושטעמפלען די ארבעט־שיינען. עס האבן זיך געשטעלט ארום 700 יידן, וואס זיינען זיכער געווען, אז זייערע שיינען זיינען אין ארדנונג, און זיי דראט דעריבער גארנישט. — נאכן אפמאטערן זיי א האלבן־טאג האט מען די יידן אפגעפירט אויף זאבוזשע, ווי עס זיינען פאר זיי שוין געווען צוגעגרייט אפענע קברים...

די, וואס האבן ריזיקירט און זיך צום אפעל נישט צוגעשטעלט — זיינען געבליבן לעבן... אויף דערווייל. די יידן ווערט ווייטער צוגעזאגט, אז די איינציקע רעטונג פאר זיי איז די ארבעט פאר די דייטשן. זיי ארבעטן שווער, באקומען נישט קיין שום באלוינונג. עס ווערט פאר זיי געשאפן א געטא אויף גאר א קליינעם ארט — אין א פאר קליינע, זייטיקע געסלעך. אהער ווערן אויך אריינגעטריבן דעם 2.11.1942 די יידן פון ראדזיעכאוו, וויטקעוו, לאָפאטין, כאָלעיוו, טאָפאָראָוו, קאמינקע — ביז א צוויי טויזנט נפשות. צוזאמען מיט די בוסקער יידן — מאכט דאס אויס ביי א 4000 נפשות.

די יידן פילן זיך אבער נישט זיכער און הויבן אן בויען באהעלטענישן פאר זיך („סכראָנעס״). יונגע בחורים ווערן געשיקט אויף ארבעט קיין לאצקי. אין א לאגער, וווּ מ׳בויעט א ברייטע אויטאָסטראדע פון לעמבערג, וואס דארף פירן ביז טארנאפאל און נאך ווייטער ביז קיעוו. די ארבעט באדינגונגען זיינען דא שוידערלעכע.

אחוץ דעם ווערט אויך אין בוסק גופא אין הויף פון גראף באדעני ארגאניזירט נאוועמבער 1941 א „—עס—עס—ווירטשאפט״, ווו ס׳ארבעטן א 400—500 יידן פון בוסק אין נאענטער סביבה[43] אונטער א שטרענגער אויפזיכט פון לאגער־פירער, א ציווילער פאלקס־דייטש מיט נאמען לייער (Leier) און זיינע געהילפן.

יאנואר 1943 ווערט ליקווידירט דאס יידישע שפיטאל: די קראנקע ווערן דערשאסן אויפן ארט. אבער יידן לאזן זיך נאך ווייטער נארן.

---

43. ל. וויעליטשקער: לאגערן אין מזרח־גאליציע. געדרוקט אין „פון לעצטן חורבן״ נר׳ 6. מינכען 1947.

דעם 21.5.1943 ביינאכט ברעכט אויס אַן אַקציע, דייטשן גייען פון שטוב צו שטוב, טרייבן ארויס די יידן און שלעפן זיי אויפן מאַרק־פּלאַץ. ביי דעם מינדסטן ווידערשטאַנד, ווען אַ ייד באַוועגט נישט אַזוי גיך זיך אָנטון, אַדער גיין שנעל, ווערט ער אויפן אָרט דערשאָסן. מ׳זוכט אויך די פאַרבאַהאַלטענע אין סכראַנעס יידן, מ׳שיסט אין זיי אַריין, וואַרפט גראַנאַטן און דערמיט צווינגט מען די יידן אַרויסצוגיין. פיל יידן זענען אַזוי אַרום דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

אויפן מאַרק־פּלאַץ ווערן אָפּגעטיילט די יונגע, אַרבעט־פעיקע פון רעשט עולם, וואָס ווערט געטריבן צו דער באַנסטאַציע קיין קראַסני (אַ 6 קמ׳). דאָ צווינגט מען די יידן זיך אויסטאָן און נאַקעטערהייט אַריין אין די וואַגאָנען. דאָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל פון איין זייט באַרויבן די יידן פון אַלעם, וואָס זיי האָבן נאָך ביי זיך געהאַט, פון דער צווייטער זייט, דאָס שטערן זיי אין עווענטועלן שפּרינגען פון די וואַגאָנען, בעתן פירן זיי אין טויטנלאַגער — אין בעלזשעץ.

אין די וואַגאָנעס ווערן אַריינגעטריבן מענטשן אָן אַ צאָל: עס ווערט דאָרט אַן אוממענטשלעכע ענגשאַפט, דאַן ווערן די טירן פאַרהאַקט און פאַרפּלאָמבירט.

פונדעסטוועגן איז אַ טייל יידן געלונגען אויפצורייסן די וואַגאָנעס און שפּרינגען פון צוג. די וואַכמאַנשאַפט, וואָס אויפן דאַך, שיסט צו די אַרויסגעשפּרונגענע פון וועלכע נאָר אַ טייל ווערט ניצל. — זיי קומט אויס שפּעטער אויסצושטיין אוממענטשלעכע עינויים און רדיפות, בלויז איינצעלנע פון זיי האָבן ענדלעך דערלעבט די באַפרייונג [44].

אַנדערע יידן, וואָס זיינען נישט אויפגעדעקט געוואָרן דורך די דייטשן — האָבן באַוויזן נאָך דער אַקציע אַרויס פון די בונקערס און אויסבאַהאַלטן זיך אין די וועלדער צו פאַרשטעקן זיך ביי פויערן [45]. איינצעלנע, וואָס האָבן געהאַט דערצו די מעגלעכקייטן — אַ גוטן אַרישן אויסזען און אַרישע פּאַפּירן זיינען אַרויסגעפאָרן אין אַנדערע ערטער, וווּ מ׳האָט זיי נישט געקענט, און דאָ אָנגעגאַנגען ווי קריסטן. יחידים פון זיי זענען ניצל געוואָרן.

מיט דער אַקציע פון 21.5.1943 איז ליקווידירט געוואָרן דאָס געטאָ אין בוסק. מיט איר זיינען אויך אַוועק — ווי מ׳האָט זיך דעמלט אויסגעדריקט — די יידן פון „עס־עס ווירטשאַפט לאַגער". די יונגע אַרבעטספעיקע, וואָס מ׳האָט אָפּגעטיילט פון אַלגעמיינעם טראַנספּאָרט, ווערן אָפּגעפירט אין יאַניוועַר לאַגער נעבן לוואָוו (אַ 300 מאַן); 50 בחורים ווערן איבערגעלאָזט אויפן אָרט, כדי אויפצוראַמען דאָס געטאָ. מיטן נייעם לאַגער פירט אָן דער דייטש לערנער

---

44. עדות פון מיכל באַבאַד, יד־ושם מס׳ 1777/1649.

45. עדות האַלפערין שיינדל, יד־ושם מס׳ 2487/2545 באַפרייט געוואָרן אין וואַלד Angelówka ביי אָלעסק 24.7.1944.

לודוויק וויידען (Lerner Ludwig Weinden). נאך עטלעכע חדשים (נאוועמבער 1943) ווערן אויך זיי — די לעצטע יידן — דערשאָסן אויפן בוסקער בית עולם[46]. און די שטאָט בוסק ווערט פולשטענדיק יידנריין.

דעם 18.7.1944 האבן די שטאָט צוריקעראבערט די סאוועטן: עס האבן זיך אָפגעפונען איינצעלנע יידן. אבער קיין ארגאניזירט יידיש לעבן איז שוין דא נישט אנטשטאנען. און אויך דאס ביסל אפגעראטעוועטע האבן גיך פארלאָזן זייער היימשטאט, וואס איז אויך נאָך דער באפרייונג נישט געווען פריי פון פארשיידענע אומרועז און פון א בייזוויליקן אנטיסעמיטיזם. נאך אלעמען!

## אחרית דבר

מ׳האט די יידן־באזונדערס אין פוילן נישט איין מאל פארגעווארפן, אז זיי זיינען א נע ונד־פאלק, ווי ציגיינער, וואס ווי געגעבטיקט נישט געטאגט; אז זיי בינדן זיך נישט צו צום ארט (פאטערלאנד), ווי זיי וווינען. היינט דאָ מאָרגן דארט. יידן זיינען „וועלט־בירגער", אבער נישט קיין בירגער פון דעם לאנד, ווו זיי וווינען, וואס בינדט, למשל, די יידן פון בוסק — מיט זייער היימשטאט? — פלעגן טענהן די אנטיסעמיטן. און ארויסגייענדיק פון אזעלכע הנחות האט מען שוין געקאנט דערנאך פרעדיקן, אז די יידן — ווי פרעמדע (און אפילו שעדלעכע) בירגער — מעג מען (און אנדערע האבן צוגעגעבן: דארף מען) פארטרייבן פון פוילן.

אז די הנחות זיינען געווען פאלשע, האבן מיר פון תמיד אן געוווסט. אויך די געשעענישן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן דאס באוויזן.

פאראן אבער נאך א מאָסגעבנדיקער פאקטאר, וואס באווייזט, וויאזוי ווייט יידן זיינען געווען צוגעבונדן צום לאנד, און וויאזוי שטארק זיי האבן נאכן פארלאזן עס, נאך אים געבענקט.

מיר זעען דאס בולט — פון אנטשטייען פון די לאנדסמאנשאפטן, וואס האבן זיך ארגאניזירט פון די בעזונדערע גרופן יידן, וואס האבן פארלאזט פוילן און באזעצט זיך אין אויסלאנד.

אבסאלוט גענומען, האבן נישט ווינציקער אין צאל פּאָלאקן צי אוקראינער פארלאזט לאמיר זאגן — בלייבנדיק ביי אונדזער טעמע — בוסק. אבער צי האט איר אַ בוסקער לאנדמאנשאפט פון אוקראינער צי פאלאקן אין די פאראייניקטע שטאטן צי ערגעץ אנדערשווו, וווהין עס איז געגאנגען דער שטראָם פון די נישט יידישע עמיגראנטן? בוסק איז דא נאָר א משל, נישט מער.

און נעמען דערביי דארף מען אין באטראכט אויך דאס, אז די יידישע לאנדמאנשאפטן זיינען אנטשטאנען אליין פון זיך, אן וואספארא ניט איז אויסערלעכן איינפלוס, צי דרוק; בעת אויף די עמיגראנטן אוקראינער צי פאלאקן

46. ט. ברוסטין־בערענשטיין: די ציטירטע אויבן ארבעט. און ל. וויעליטשקער: זע אויבן.

האבן געווירקט פאליטישע איינפלוסן — וואס זיינען געקומען פון פארלארענעם לאנד, צי אנדערע צענטרען. וואס איז געגאנגען האנט ביי האנט מיט א גרויסער פראפאגאנדע און אפילו פארדינסטמעגלעכקייטן! פונדעסטוועגן...

מיר בארירן דא די פראגע נישט בלויז פון דעם אויבן געבראכטן שטאנדפונקט, נייערט אויך כדי פון דעם צו לערנען, וויהין איז געגאנגען די יידישע עמיגראציע פון יענע קאנטן.

מיר האבן נישט — און ווילן עס אפשר קיינמאל נישט האבן — קיין געגעבענע, וויפל יידן האבן פארלאזט בוסק אין די באזונדערע תקופות. מיר האבן די פראגע פון עמיגראציע אפריער אויפגעווארפן, אבער נישט פארענטפערט, צוליב מאנגל אין מאטעריאל...

פון דעם אנטשטיין און וווקס פון די לאנדמאנשאפטן אין אויסלאנד, קאָן מען טיילווייז עפעס לערנען אויך וועגן דער גרויס פון דער עמיגראציע און די יארן, ווען זי איז אנגעגאנגען; הגם — מיר שטרייכן דאס אונטער — דאס זיינען נישט קיין פולע, אויסשעפנדיקע ציפערן.

נישט אומעטום אנטשטייט א לאנדמאנשאפט און נישט אלע יידן געהערן צו „זייער" לאנדמאנשאפט א.א.וו.

פונדעסטוועגן זיינען די געגעבענע זייער און זייער באלערנדיקע.

נעמען מיר דעריבער די בוסקער לאנדמאנשפטן אין די פאראייניקטע שטאטן: דער „ערשטער בוסקער קראנקען־אונטערשטיצונג־פאריין" אין ניו־יארק איז אנטשטאנען אין 1900 יאר מיט 25 מיטגלידער. דער צוועק פון זייער פאריין: זיך קעגנזייטיק צו העלפן בעת א קרענק, זארגן פאר א געמיינזאמער קרקע אויפ'ן בית־עולם און... שיקן שטיצע „אהיים" קיין בוסק.

אין יאר 1924 אנטשטייט אין ניו־יאָרק א „בוסקער ליידיס אָקזילערי" — מיט 25 מיטגלידער, אין יאר 1938 ציילט דער פאריין 50 מיטגלידער [47]...

„מיטגליד" — דארף מען פארשטיין איןביידע פאלן — א פארשטייער, דעם ראש פון א משפחה — פון א פארצווייגטער יידישער משפחה.

אין ניו יארק אנטשטייט אויך אין יאר 1911 א בוסקער בני ברית פאריין, וואס פייערט זיין 25־יעריקע עגזיסטענץ (1927) מיט א ספעציעלער בראָשור.

איך באגניג זיך בלויז מיט די פארביישפילן. זיכערלעך וועט איר אין איצטיקן בוך געפינען אויך מער ידיעות וועגן דער פראגע. און גאנץ זיכער וועט איר דא געפינען א גענויעם באריכט וועגן בוסקער ביי אונדז אין לאנד — ישראל, און אויך דערפון עפעס לערנען!

און נאך א מאָטיוו האט מיך באוויגן די פראַגע דאָ אָנצוּוואַרפן:

ביים שרייבן פון דער געשיכטע פון די יידן אין בוסק־האב איך נישט געקאָנט נישט דערמאנען זייער המשך — זאָל עס זיין, אפילו א שוואכער. די געשיכטע פון די בוסקער יידן אויף גאָר דער וועלט, די גאלדענע קייט טאָר נישט איבערגעריסן ווערן!

---

47. לויט „די אידישע לאנדסמאנשאפטן פון ניו־יארק" 1938.

חיפה, כ"ט ניסן תשכ"ב
3 מאי 1962

לכבוד
דב סדן פרופ'
רח' א.ד. גורדון 11
ירושלים.

דב היקר והנכבד!

עת שהותך בחיפה בליל שישי (27.4.62) לרגל המסיבה שנערכה לכבודך, הזכרת, כי ברשותך שני מאמרים אודות בוסק, אשר נכתבו ע"י קלמנסאו והבעת נכונותך לתתם לי.

כיושב ראש ארגון יוצאי בוסק בישראל, הוטל עלי לערוך את ספר בוסק. אכן אני אוסף כל חומר מצוי ורצוי.

אני מבין, כי מאמריו של קלמנסאו כתובים צרפתית. תסכים אתי, כי תרגומך היה לרצון קהל מעריציך בני בוסק.

זאת ועוד, משוכנעני, כי בגנזכך מצוי בגז' רציני של ידיעות משלך אודות קרסנה־בוסק ולאלה ערך רב וחשיבות ממדרגה ראשונה. הלא בוסק היתה למקום מחבוא וריכוז הפעולות למטיף, משיח השקר שבתאי צבי ולפי מקורות מהימנים, קמה בה תנועה פרנקיסטית בלתי מבוטלת. שמא תוכל להתפנות ותסכים לכתוב משהו על נושא זה, או על כל נושא שייראה לך עבור ספרנו להנצחת עיר ואם בישראל, קהילה קדושה אשר חרבה ואיננה עוד.

בהזדמנות זו, קבל נא ברכתי האישית ומיטב האיחולים מיוצאי בוסק בישראל, להולדתך השישים. מי יתן ותזכה יחד עם רעייתך גוסטה לאריכת־ימים, עד מאה ועשרים ורבות בשנים לפעול לטובת רוח העם ופעלו בישראל מדינתו.

בהערצה משלך,
אברהם שיירי.

(וזו תשובת הפרופ' דב סדן. (בגלויה)).

לכב' אברהם שיירי ברכת שלום!

הריני מוכן לכתוב מה שישים ד' בפי בענין בוסק — זכרונותי מביקורי בה. דרשתי שם בבית הכנסת וכן זכרונות ושמועות ואף אשלב ענין קלמנסאו. אבל לפי ששעתי טרודה, איני יכול לכתוב עתה ועליך להזכיר לי הדבר, כשהענין יהיה דחוף באמת. ואודה על ברכתך וברכת עולי־בוסק, היא יקרה ללבי.

בידידות
(החתום) דב סדן.

כ"ג אייר תשכ"ב.

דב סדן

# אין ביסק און ארום ביסק

— א —

אז ערגעץ נישט ווייט פון אונדזער געבוירנשטאט, בראד, געפונט זיך, אין קראנץ פון שטעטלעך, וואס רינגלען זי ארום, א שטעטל, וואס רופט זיך ביסק, האבן ביי אונדז געוווסט קינד און קייט; קודם־כל מחמת עס איז אריין אין א גאר באקאנטן גראם, וואס איז נישט לייכט געווען קלאר און גיך ארויסצוזאגן און מען האט זיך דערביי א היפש ביסל פארהיקעט: „פון אלעסק ביז קיין ביסק, האלט א פיקס (פוקס) א ביקס אין פיסק".

עס איז א גראם, וואס גייט ארום, אין אנדערע נוסחאות, נישט אזוי פיין צוגעפאסטע, אויך אין אנדערע ווייטע קאנטן. אוודאי, וואלט איך זיך געוואָלט איינרעדן, אז בשעת מיר פלעגן דעם גראם, בעיקר אין חדר איינחזרן, האט זיך אונדזער פאנטאזיע געשפילט מיטן אויסטערלישן בילד פון אזא גוואלדאוונע פוקס, וואס דער פיסק זיינער ציט זיך, העט — העט, צווישן די צוויי שטעטלעך און האלט צו, מסתמא מיט די ריזיקע ציין זיינע, א נאך לענגערע ביקס. אבער עס וואלט בלויז געווען סתם א חנופה צו אונדזער קינדערישער פאנטאזיע, ווייל באמת האבן אונדז דווקא אינטערעסירט די עצם שטעטלעך, וואס האבן זוכה געווען, אז מען זאל זיך מיט זיי אזוי צעברעכן די ציין. פון די צוויי שטעטלעך איז אָלעסק געווען היימישער, פלעגט מען דאך פון אונדז צו פארן צום דארטיקן רבין, און ביי אונדז אין שטאט זענען אויך געווען צוויי משפחות וואס האבן געהייסן אלעסקער; איינע איז שוין, אין אונדזערע צייטן, מער נישט געווען און איר זכר האט זיך דערהאלטן אין בית־המדרש אויף זייער נאמען, און די אנדערע האט געוווינט אין סטארע־בראד. ביסק ווייטער, איז געווען היימליכער, כביכול אונטערגעברעמט מיט א פארציע שרעק, שוין מחמת זיין צונאמען: ביסקער שבתי־צבי־ניקעס. עס וואלט ווידער געווען א חנופה צו אונדזער קינדערשן אינטעלעקט, ווען מיר זאלן זיך היינט וועלן איינרעדן, אז מיר האבן שוין דעמאלט געוווסט, אז דעם צונאמען האט דאס שטעטל געקריגן, ווייל בשעתו האט זיך דארט אריינזאנאדזעט א בינטל פראנקיסטן, וואס האבן אפילו געקלערט, זיך צו באזעצן און שאפן זייערס א צענטער, אויף

דער שטרעקע צווישן ביסק און גלינע. נאך מער, אז עס איז נאך געבליבן פון זיי א זכר לטיט — דער נאמען שעפס, וואס האט געטראגן א דארטיקע משפחה, פון וועלכער עס שטאמט אפ דער באקאנטער רעדאקטער פון ווינער טאגבלאט, וואס האט זיך געחבר׳ט מיטן עסטרייכישן קרוינפרינץ רודאלף און מיטן פראנצויזישן פאליטיקער קלעמענסאָ. אט די אלע פרטים האבן מיר זיך דערוווּסט א סך א סך שפעטער, דערווייל האבן מיר, קינדער, פארשטאנען אז דער צונאמען איז נישט קיין איבריקער כבוד, פשוט דערפאר, וואס אויך ביי אונדז אין שטאט האט מען מיטן צונאמען שבתי־צבי׳ניק געקרוינט א פּאָר מענטשן, ווי א שטייגער דעם מאראוואטשיק, הער וויינבערג, וואס איז ביי אונדז אין שטאט געווען אייכמייסטער (דער ממונה איבער מאסן און געוויכטן) און איז געווען דער פאָוויערניק פון יהושע העשיל שור, ווי־אויך דעם גביר און ראש הקהל ר׳ זיינוול שפירא, וועלכן מען האט גערופן פשאווירא (הונטישע אמונה) און אנדערע. אבער וואס איז דער מער מיט דעם שטעטל, וואס האט זיך א פנים אירע אייגענע שבתי־צבי׳ניקעס, האבן מיר נישט פארשטאנען. מיר האבן בלויז צוזאמענגעפּארט דעם צונאמען, מיט דער מעשה איבערן ביסקער גולם, וואס איז געשטאנען אויפן טייך ביג און ווער עס האט געוואלט אריבער, האט ער אים אפגעהאקט דעם קאפּ. ווי ווייט די מעשה מיטן גולם, דער בריק און דער האק, איז אין אונדזער זכרון געבונדן מיט ביסק, האב איך גופא געפילט, ווען איך האב זיך, צום ערשטן מאל, דערוווּסט איבער דער פראגער גולם לעגענדע, און בין געווען נישט ווייניק דערשטוינט, וויאזוי האט מען עס באגנבעט אונדזער נאנט ביסק און די גניבה אוועקפארטראגן אין ווייטן פראג? — דען אז דער פרימארער נוסח איז ביסק, איז פאר מיר נישט געווען קיין שום ספק. נאָך מער, אויך היינט, איז מיר די זאך נישט קלאר, בפרט אז מיר ווייסן, אז די ראָל פונם פראגער מהר״ל אין ענין פון מעשה גולם, איז נישט מער ווי א משכילישער אויסטראכט, און עס איז באמת א שאָד, אז מען איז דעם ענין נישט נאכגעגאנגען, איידער די לעצטע סליאדעס פון דער ביסקער מסורה האבן זיך פארווישט.

— ב —

אבער כאטש ביסק איז נישט ווייט געווען פון אונדזער שטאט, קאן איך מיך נישט דערמאנען אז ביסקער זאלן פאר דער ערשטער מלחמה, געווען זיין אפטע געסט ביי אונדז. אמת, אין דער גימנאזיע אונדזערער, וואס האט געטראגן דעם נאמען פונעם קרוינפרינץ רודאלף, זענען געווען ביסקער פון די וואס האבן דא

געלערנט, בשעת די גימנאזיע איז נאך געווען א דייטשע, איז געוואָרן א שם־דבר דוד קעניגסבערג, א פּיאָניר פון דער יונג־גאַליציִשער יידיש־ליריק, וואס זיינע לידער, בעיקר סאָנעטן, שפּיגלען וווּנדערליך אָפּ אונדזער דאָרטיקן פּעיזאַזש, (און די ליבשאַפט צו פּעיזאַזש, האָט עס אים מסתּמא באַוויגן צו ווערן דער אַדעקוואַטער איבערזעצער פון „פּאַן טאַדעאוש"). איך בין געווען צו קליין, איך זאָל אים קענען פון יענער צייט, כאָטש מעגליך, אַז איך האָב אים, נישט בלויז איינמאָל געזען ביי מיין פעטער יצחק אויערבאַך אין געזעמל פון זיינע שול־חברים. על כל פּנים, אַז איך באַטראַכט איצט דאָס בילד פון יאָר 1905, ווו ער איז פאָטאָגראַפירט צוזאַמען מיט זיינע קאָלעגן און פריינט אין בראָד און וואָס איז אָפּגעדרוקט אין געלבער־יובל־בוך, קומט מיר פיר, אַז אַזוי האָב איך אים קינדווייז געזען. אָבער געהערט האָב איך איבער אים גאָר א סך, טאַקע פון דעם פעטער מיינעם. קודם כל, אַז ער איז א דיכטער, א יידישער דיכטער; דערנאָך איבער זיינע יידיש־מאַניפעסטאַציעס אין גימנאַזיע, און צולעצט אַז ער איז געווען דער איינציקער ייד וואָס האָט געלערנט רוטעניש, ווי עס האָט ביי אונדז געהייסן אוקראַאיניש. ווען איך האָב אָנגעהויבן גרימפּלען מיט דער פעדער, און פאַרשטייט זיך געפּרוווט די פען קודם כל אויף גראַמען און האָב צומערשט געשריבן דייטש, שפּעטער פּויליש, דערנאָך יידיש, האָב איך מיך פון מיין פעטער דערוווּסט, אַז אַזוי איז אויך געווען דער מאַרשרוט פון דוד קעניגסבערג. ער האָט אויך אין אַזאַ שפּראַכלעכן סדר אָנגעהויבן, און ווי באַקאַנט איז עס א כמעט כללדיקער מאַרשרוט פון דעמאָלטיקן נוסח־גאַליציע. דער זלאָטשעווער משה לייב האַלפּערן האָט אָנגעהויבן דייטש, דער יעזשערנער ש"י אימבער און רעדימער חנא זכריה בערגנער, וואָס האָט זיך שפּעטער א נאָמען געגעבן מלך ראַוויטש, האָבן אָנגעהויבן פּויליש, און ש"י אימבער איז כל ימיו געווען א צוויי־שפּראַכיקער, מיט א מין פונקציאָנאַלן אויפטייל: דיכטונג — יידיש, פּובליציסטיק — אויך פּויליש. איך דערמאָן דאָס אַלעס, ווייל נאָך אין מיין דור איז געווען אַזאַ וואַקלעניש, און איך אַליין האָב עס נאָך, ווען אויך בלויז א קורצע צייט, דורכגעלעבט און איך בין נישט געווען דער איינציקער. פון מיינע בני דור אין אונדזערע קאַנטן, לאָזן זיך דערמאָנען רחל קאָרן־הערינג, דבורה פאָגל־באַרנבוים, וואָס האָבן אָנגעהויבן פּויליש און משה שימעל, וואָס האָט אַפילו אַרויסגעגעבן פּוילישע ביכער. אַז אונדז אַלע איז אין אונדזער נאַטירלעכן אַנטשייד בייגעשטאַנען דער פּרעצעדענט פון דעם עלטערן דור, איז מער ווי זיכער; איך גופא האָב מיך נישט איינמאָל דערמאָנט די, וואָס זענען פאַר מיר געזעסן אין די בענק פון אונדזער גימנאַזיע און זיך געלאָזט אויפן שליאַך פון אונדזער ליטעראַטור; יעקב ראָטמאַן־נתנאלי צו העברעיש, דוד

קעניגסבערג און יוסף באדיאן־גרינזייט צו יידיש. שפּעטער האָב איך מיך צוויי מאָל באַגעגנט מיט דוד קעניגסבערג, ביידע מאָל אין לעמבעריק. איינמאָל אין אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס עס האָט אַנגעפירט מענדל זינגערס ייִנגערער ברודער יאָסל. איך האָב דעמאָלס געהערט קעניגסבערגס פּרטימדיקן דערקלער איבער עקספּרעסיאָניזם, פון וועלכן ער האָט נישט איבריק געהאַלטן, אָבער ער האָט גערעדט מיט גרויס פאַרשטאַנדעניש איבער זיין גאַנג און מיט גרויס דרך ארץ איבער די אמתע דיכטער פון דער ריכטונג. און איך האָב געשטוינט, ווי ער האָט אויסנווייניק ציטירט אַ גענוג לאַנג ליד פון ווערפעלען איבער אַ דינסט, וואָס האָט דערלאַנגענדיק צום טיש, אַראָפּגעלאָזט די כלי מיט דער יויך (איך האָב די באַגעגניש באַשריבן אין מיין אַרטיקל: שמיטת קערה, אין היגן „מולד"), און יאָרנלאַנג איז מיר דער געדולדיקער, מיושבדיקער טאָן פון זיין שמועס געליגן אין טעם, און ער האָט עס ביי מיר געשטאַרקט דעם כלל גדול לגבי מיני מאָדערניזמען: איך וויל עס אַליין נישט מיטמאַכן, אָבער איך מוז עס פאַרשטיין. אודאי איז דער עיקר וואָס ער האָט נישט וועלנדיק מיטמאַכן, געקענט פאַרשטיין, אָבער מעגליך, אַז אויך דאָס איז אַ כאַראַקטער־שטראָך פון אונדזערע קאַנטן. אַ פּיר שפּראַכיקע קולטור־פּלוראַליטעט איז נישט קיין קאַטאַוועס. דאָס אַנדערע מאָל האָב איך קעניגסבערגן געזען, ווען ער איז געקומען זיך משתדל זיין צו קריגן אַ סערטיפיקאַט. ער איז דעמאָלט געזעסן אין אַ דאָרף און געהאַט אַ שטיקל ווערטשאַפט, און האָט טאַקע אין פּרעגבויגן אַריינגעשריבן, אַז זיין פאַך איז אַ טאַפּעלטס: פויער און פּאָעט. און איין גאָט ווייסט וויפל איך בין אים געגאַנגען אין דער האַנט און עס איז גאָרנישט געוואָרן דערפון, און צום טרויעריקן קאַפּיטל מיט א.ל. שוסהיים, וואָס האָט נישט געקאָנט קריגן קיין סערטיפיקאַט, איז צוגעקומען אַ נאָך טרויעריקערס. ווייזט אויס אַז ער האָט מיך געדענקט לטובה, אַ סימן האָב איך, אַז פאַר דער לעצטער מלחמה, האָט ער מיך פאַרבעטן צו אַ יובל־נומער פון דער קראָקעווער „פאַסט" און איך האָב אים געשיקט לידער, און אַזוי ווי דער נומער איז נישט צושטאַנד געקומען, האָט ער זיי געלאָזט אָפּדרוקן אין לעמבעריקער „מאָרגן".

פון די ביסקער וואָס זענען אין מיין צייט געווען אין אונדזער גימנאַזיע, ווען זי איז שוין געווען אַ פּוילישע, געדענק איך בלויז מאיר שור, וואָס איז מיטן אויפבראַך פון דער דריטער עליה געקומען אין לאַנד אריין. מיר זענען ביידע געגאַנגען אין דער ערשטער קלאַס, אָבער זיך צוזאַמענגעטראָפן בלויז ביי דער שעה פון רעליגיע, וואָס האָט אונדז געגעבן הרב ד"ר יהושע עוזר פּראַסט. און כאָטש ער האָט נישט פון אונדזער שטאָט עולה געווען, האָבן מיר זיך מיט אים געגרויסט און אַריינגערעכנט אין אונדזער רייסטער, און אַז עס

איז געקומען די טרויריקע ידיעה איבער דעם פאגראם אין יפו און אין דער רשימה פון די קרבנות איז אויך בטעות אויסגערעכנט געווען איינער... שור, זענען מיר געווען זיכער, אז דאס איז ער, און כאטש אסיפות זענען דעמאלט ביי אונדז געווען א גרויסע סכנה מחמת דער כמעט־שטאנדרעכטליכן רעזשים פון די פאָליאקן, וואס האבן אונדז באזונדערס גערודפט, האבן מיר זיך נישט אפגעהאלטן פון א גרויסער אסיפה פון „השומר הצעיר" ווי איך האב אונדזער חבר מספיד געווען. וויאזוי דער טעות איז אנשטאנען, ווייס איך עד היום נישט. צווישן די קרבנות איז טאקע געווען א בראדער, משה לייטער, און עס איז קלאר, אז איך האב מיך געפרייט, ווען איך האב מיך דא אין לאנד באגעגנט מיט מיין יוגנטפריינט, וואָס האט זיין נאמען פארביטן אויף בן דרור און געפונט זיך אין כפר־יחזקאל, און בשעת איך האב רעדאקטירט די צייטשריפט פון די מושבים „תלמים", האב איך הנאה געהאט צו דרוקן זיינע ארטיקלען איבער פירות־ביימער, וואס ער איז דערויף א מומחה.

— ג —

נאך דער ערשטער מלחמה ווייטער געדענק איך פון די ביסקער א קלוגע און רעזאלוטנע יידענע, וואס האט געהייסן קאראוואן און האט דארט געהאט א ברייז און אונדז, משמע מיין טאטנס שענק, געליווערט ביר און גאר געשמאק ביר. אויך געדענק איך נאך א ביסקער יידענע, אויך זי א קלוגע און רעזאלוטנע, וואס האט געהאנדלט מיט קלאטשע און חזיר און פערדס האר, און מומחים אין דעם מסחר אין אונדזער שטאט, פלעגן נישט קענען גענוג געגוג אפלויבן איר בקיאות. עס איז געווען גענוג זי זאל א לייכטן שאר טאן די בינטלעך סחורה, זי זאל ארויספישן דאס אונטערגעפעלשטע און עס שטופן דעם סוחר אונטער דער נאז. איך געדענק נישט איר משפחה נאמען, אבער איך זע זי פאר די אויגן. די מומחים פלעגן צו זאגן: אויפגעשטאנען א נייע חאשע מארגאשעס. (דאס איז געווען דער נאמען פון א גרויסער סוחרטע מיט א הונדערט יאר צוריק). דאס וואס איך געדענק דעם נאמען פון דער ערשטער יידענע איז קיין חידוש נישט. אונדזער משפחה איז געווען פארבונדן בקשרי־חיתון מיט די ביסקער קאראוואנס — אַן איידעם פון מיין עלטער־פעטער, ר' בנימין מרדכי הכהן שטאק, איז געווען א קאראוואן. זיין זון אברהם, פארצויגן „אייבי" איז דער הויפט־גערטנער פון תל אביב און אברהמ'ס זון דני, איז דער באקאנטער מאלער. און אויב שוין משפחה־פעדים, מוז איך דערמאנען, אז מיין שטיפמאמע מרת ליבע לבית אויערבאך, פלעגט אונדז זייער א סך דערציילן איבער קראסנע,

ווו זי האט פארבראכט אירע קינדער־יארן, און ממילא איבער דעם שכנישן ביסק און נישט ווייניק האט זי אונדז קינדער איבערגעשראקן מיט א מעשה נורא, וואס האט פאסירט צווישן דעם דארף און דעם שטעטל: א דייטשל, שווארץ ווי א דזשיק און דאר ווי א שפאן, מיט געפאסטע הויזן און א ענגן פראק און מיט א הויכן צעלענדער, פלעגט דארט פוס־טריט שפאצירן און א קליין ווידעלע האט זיך געפלאנטערט אין שפעלטל פונעם פראק, און פונקט ווי ער פלעג פלוצים ארויסשפראצן פון לעבן דער מיל, אזוי פלעג ער פלוצים נעלם ווערן אין דער מוראוואנקע, גלייך ווי דאס געמויזעכץ וואלט אים איינגעשלינגען. עס איז איבריק צו דערציילן, אז אין אונדזער פאנטאזיע האט זיך דאס דייטשל מיטן ווידעלע גאנץ גוט צוגעפאסט צו דעם גולם מיט דער בריק און די אפגעהאקטע קעפּ. די פאנטאזיע האט זיך מסתמא אויך געשפייזט דערפון, וואס מיר האבן געהערט, אז די באן, וואס פירט קיין לעמבעריק, פארט פארביי א סטאציע, וואס טראגט א שילד: ק ר א ס נ ע — ב ו ס ק, אבער באמת געפינט זיך דארט בלויז דאס דארף און נישט דאס שטעטל, אהין מוז מען ערשט פארן, זומער מיט א בריטשקע, ווינטער מיט א שליטן. פארוואס האט דאס דארף זוכה געווען און דאס שטעטל האט נישט זוכה געווען, אז די באן זאל דארט פארבייפארן, דאריבער איז אנגעגאנגען, נישט צווישן אונדז קינדער נאר צווישן די עלטערע, א שטיקל מחלוקת. זיי, וואס זענען שוין געפארן מיטן צוג קיין לעמבעריק האבן געוווסט, אז אלע סטאציעס אהין זענען בלויז דערפער, האבן איינע דאס אויסגעטייטשט לטובה און אנדערע לרעה. אבער סיי די און סיי די, האבן זיך נישט געקאנט אפהאלטן פון א בתמיהה: א דערפל, ווי זאבליטעץ (גוייש: זאבלאטצע) פארמאגט א באן־סטאציע און צום שטעטל, לאפאטין, פארט מען פון דארט פער אקס, אדער בלית ברירה, שלעפט מען זיך צופוס; דעסגלייכן א דערפל ווי קאנטי, פון וואנעט מען פארט מיט א וועגעלע אין שטעטל אלעסק, אדער א דערפל ווי זאדווערע (פויליש: זאדווזשע) פון וואַנעט מען פאָרט מיט א וועגעלע אין שטעטל גלינע. אז דאָ שטעקט א כוונה אויסצומיידן די יידשע יישובים, זיי זאלן נישט נהנה זיין פון אלץ, וואס א באן שאנצט צו, איז קיינעם נישט איינגעפאלן, אונדזער אלטער קייזער מיט די באקנבערד אין פעפיטא־הויזן איז דאך געווען א מלכות־חסד.

אזוי איז אונדז נישט אויסגעקומען צו זען די ארומיקע שטעטלעך און ביסק בתוכם, כאטש אין דער שולע האבן די לערערס אונדז געלערנט א קאפּ היימישע טאפאגראפיע. פארשטייט זיך אין אפיציאלן, משמע פּאָלאָניזאַטאָרישן גייסט — האבן מיר דאך געמוזט וויסן אז אין נאענטן אלעסק איז געבוירן געווארן דער מלך סאָביעסקי און אין נאך נענטערן פידהאָרעץ האט ער זיך געכאָוועט און

פון די שטעטלעך האבן מיר געמוזט בעיקר געדענקען סאָקיליוּוקע, ווייל דארט איז געשטארבן דער העטמאן זייערער סטעפאן טשארנעצקי און אין שטיבל ווו ער האט מוציא נשמתו געווען, איז אפילו געהאנגען א בילד וואס האט אויסגעמאָלט די גאנצע מעשה. וואס שייך ביסק, איז מיר אפילו געבליבן אין זכרון דער עטימאלאגישער ווידעראנאנד צווישן דער פאלקשול און דער גימנאזיע — אין דער שולע האט אונדז דער דירעקטאר דער פוילישער אסימילאטאָר, פיליפ אשכנזי, דערציילט אז דער נאמען בוסק שטאמט פונעם טייך בוג, וואס גייט דארט פארביי אויפן וועג זיינעם פון ביליקאמין; אין דער גימנאזיע ווייטער האט דער מאסקאלאָפיל קאסטינאוויטש, פארשטייט זיך אפגעווארפן די דאזיקע פאלקס־עטימאלאגיע, און דאסווארט בוסק דערקלערט לויטן עלטערן נאמען פונס שטעטל בוזשעסק, וואס שטאמט פון רוטענישן בוּסקאָ, בושעל, בוסאל און באטייט אַ באטשאן, וואָס איז בדרך הטבע, געווען שכיח אין דער סביבה, וועלכע איז טיפיש מיט אירע זומפן און בלאטעס. אגב, האט דער תמיד־שמייכלנדיקער מאסקאלאפיל, וואס האט געענדיקט אויף אן עסטרייכישער תלייה, זיך ארייַנגעלאזט אין א מחלוקה מיט אנדערע פאלקס־עטימאָלאָגיעס, וואס זענען אויך נוגע אונדזער געגנט, קודם כל איבער אונדזער שטאט בראד גופא, וואס מיר קינדער זענען נוטה געווען צו דערקלערן פון לשון בראדא, משמע א בארד, און האבן אויך געקענט געפונען א חיזוק דערצו אין דער מעשה מיט מלך סאביעסקיס ווייב, דער פריילעכער ברייה מארישענקא, וואס האט אנגענומען דעם פריץ פון דער שטאט, קאניעצפאלסקי, ביי זיין לאנגער בארד און געזאגט: — „דאי בראדי בענדזשעש קאשטעלאנעם" טייטש: גיב הער בראד (די באָרד) וועסטו ווערן א קאשטעלאן און ער איז אויף דעם מסחר איינגעגאנגען. אבער באמת שטאמט דער נאמען בראד, וואס גייט בעצם, אין לשון רבים: בראדי, פונעם ווארט בראדיט, וואס באטייט גיין אדער איבערגיין א וואסער, א טייך אדער א זומפ אויפן פלאטטשיקסטן ארט, ווי מען קען נישט פארגריזנעט ווערן. אין רוטעניט גייט אויך א גראם: „ניעספיטאוושי בראדטי ניע ליז או וואדו", טייטש: אז דו האסט נישט נאכגעפארשט ווו עס איז פלאך, קריך נישט אין וואסער אריין. איז דאָך א קשיא, וויאזוי פארשט מען דאס נאָך, איז די תשובה: קוק זיך צו צום בוזשעק, ווי ער שטעלט אריין די לאנגע פיס זיינע וועסטו וויסן. הייסט עס, אז סיי בראד סיי בוסק, קומען אונדז דערציילן, אז דארט לאזט זיך לייכטער אדורכגיין דעם זומפ פונקט ווי אנדערע ארומיקע ערטער זענען אויך מרמז דערויף. א שטייגער דאס דערמאנטע זאבלאטצע, וואס הייסט; הינטער דער בלאטע און אפשר אויך די דערפער סוכאָוואָליע און סוכאדאלי, וואס ווייזן אן אויף טריקנקייט. אגב,

האט דאס טייכל, וואס גייט צווישן בראד און סטארע־בראד, געהייסן: די סוכאוואלקע און איז טאקע חדשים לאנג אין יאר געווען טרוקן. צו אונדזער רייסטער געהער אויך מסתמא דאס נאנטע דערפל בערלין, וואס הייסט גרונטיק א שיפל און איז מער שכיח אין דימינוטיוו: בערלינקע, א שיפעלע. פון די אלע אוסטייטשן האט זיך אונדז אויסגעפורעמט דאס בילד פון אונדזער געגנט וואס רופט זיך די בוג־נידער (ניזשינא נאדבוזשאנסקא) ווי א גוואלדאוונער גרויסער טעלער וואס די יויך זיינע איז א טיפער זומפ, און בראד און בוסק זענען ווי צוויי אריינגעשטעקטע אבער גענוג ארויסגעשטאַרטשענדיקע גאפלען, וואס דערמאנען דעם בוזשעקס צוויי לאנגע פיס. צו דעם יינגלישן צוזאמענשטעל האט זיך צוגעקייטלט דער קינדערשער פירשטעל פונם בישעק (אגב אזוי פלעגן מיר אויך צו רופן א בישאף) ווי א פויגל וואס טראָגט פייער אין מויל, האט ממילא די גאנצע סביבה, פון בראד ביז ביסק און ווייטער, געקריגן עפעס פון דעמאניע און מיטאָס, און היינט וואלט איך זיך דערוועגט צו זאגן, אז עס האט זיך, אין יענעם יינגליש־קינדערישן געמיש, פארבאהאלטן אן ארכיטיפשער אפשפיגל פונם פייערשפייענדיקן פויגל, וואס הויערט איבערן לעבער־ים וועלכער אטעמט אויס דומפיקע נעפלען. (אגב איז אין אונדזער געגנט שכיח, דער נאמען דיסטענפעלד וואס זיין שורש איז דינסטפעלד).

— ד —

אבער צו א קאנפראנטאציע צווישן דעם קינדערש־מיטישן און דערוואקסן־רעאלן ביסק, איז עס ביי מיר שפעט געקומען. שוין א יונגערמאן פון צוויי־און־צוואנציק יאר, פארטון אין דער ארבעט פון דער „החלוץ״ צענטראלע אין לעמבעריק, פלעג איך ארומפארן אין שטעט און שטעטלעך, און האלטן דרשות, מכוח אונדזער זאך, אין בתי מדרשים און קלויזן. בין איך שוין אויסגעווען אין ווייטע ערטער און אלץ איבערגעהיפערט דאס שטעטל, כאטש איך האב אומצייליקע מאל פאסירט די סטאציע, וואס פירט דעם שילד: ק ר א ס נ ע ־ ב ו ס ק. האט אבער ביסק געקריגן א שטיקל חשיבות אויף דער חלוצישער מאפע: עס האבן זיך אין איר סביבה, געבילדעט הכשרה פונקטן, בעיקר אין נאנטן ק א נ ט י און מיין יוגנט פריינד י ש ר א ל א י ג ר א, האט אונדז שוין דעריבער דאָ דערציילט. איך גופא בין אין יענער צייט נישט געווען אין קאנטי. אבער איך געדענק א משא ומתן וועגן הכשרה, געפירט האב איך אים מיטן פריץ, דעם גראף קאנטי, אן אריגינאלער טיפ א גאט־זוכער, וואס האט זיך אמערשט אנגעשלאסן דעם בערנארדינער־אָרדן, געזעסן אין איטאליע, האט אבער שפעטער חרטה באקומען און האט בנסי־נסים, געקריגן

דיספענס און איז צוריק אהיים. וואס האט אים דעמאלט באזונדערס אינטערעסירט זענען געווען יידן און יידישקייט. איך ווייס נישט אויב ער האָט געהאט א שייכות צו דער הכשרה גרופע, פונקט ווי איך ווייס נישט ווי ווייט ער האָט זיך דערגרונטעוועט אין יידישקייט. אבער דער לאנגער שמועס אונדזערער וואס האט זיך, איך ווייס נישט צוליב וואס, געפירט דייטש, האט זיך פארענדיקט מיט זיין מעלאנכאלישן דעקלער: נ׳ ווירד איין קריסט איינען יודען פערשטעהן. נאך יארן ווען איך האב געהערט, אז א קאנטני האט זיך אינטערעסירט מיט א טיפיש יידישער מלאכה, שפאניע־מאכעריי, דאס הייסט: עטרות צו טליתים, און האט נאכגעפארשט די מלאכה־מסורה, וואס האט זיך דערהאלטן אין נאנטן סאסעווו, און האט זיין ארבעט פובליקירט, בין איך געווען מער ווי זיכער, אז עס איז יענער אריגינאלער פריץ, מיט וועלכן איך האב מיך צוזאמענגעטראפן. אזוי ווי איך ווייס נישט צי די הכשרה גרופע האט ביי אים געארבייט, אבער איך ווייס זיין אינטערעס דערפאר, נעם איך אָן אז עס איז מעגלעך דאס דער אינטערעס זיינער איז אויך סטימולירט געווארן פון דער הכשרה גרופע, וואס האט אים — געעפנט די אויגן אויף יידישער שאפערישקייט, יארן איידער ער האט זיך באפריינדט מיטן סאסעווער נחום באמזע, יענעם פיינעם יידישן דיכטער, וואס האט אין זיינע לידער, אין גאר איידעלע שטערך, פיקסירט דעם לאנדשאפטלעכן קלסתר פנים פון אונדזער סביבה. אבער קערן מ׳ר זיך אום צו ענין דער הכשרה־גרופע אין דער ביסקער געגנט. אויך זי, און אפשר בעיקר זי, האט עס געבראכט דערצו, אז אין שטעטל האט גענומען שטארקער פערמענטירן און עס איז אויפגעשטאנען א חלוצישער סניף און צוויי פון זיינע חברים די ברידערלעך דב און אריה שפירא, זענען אריבער אויף הכשרה קיין לעמבעריק און געוווינט אין דעם אזוי׳ גערופענעם בנין (דער סקעלעט פון דער זיך בויענדיקער בעל מלאכה שול אויפן נאמען פון אברהם קארקיס). און אזויווי מיר זענען געווען שכנים און געשלאפן צוזאמען אויפן גרויסן, קאלעקטיוון פריטש, האבן זיי מיך גענומען באמבארדירן, אז למען השם ולמען השם, איך מוז קומען קיין ביסק און רעדן פארן עולם אין דער דארטיקער שול. באמת, האב איך שוין דעמאלס הינטער מיר געהאט דרשות, וואס איך האב געהאט געהאלטן אין כמה ארומיקע שטעטלעך אין אלעסק (אין דער קלויז פונם „לב שמח״), אין סאסעוו, אין פידקאמין (אין דער שול), און מיינע דרשות, לויטן אלטן נוסח פון מגידים, האבן, ווייזט אויס, אויסגענומען און נאך יארן שפעטער פלעגן מיך די צוהערער וואס געפונען זיך אין ארץ ישראל, דערמאנען שטיקלעך פון זיי. נו בין איך סוף סוף אריבערגעפארן קיין ביסק און איינגעשטאנען אין הויז פון די צוויי ברידערלעך און תיכף האט זיך

געיאוועט א יונגערמאן מיטן נאמען זעליג כץ, וואס איז געווען א פנים דער ציוניסטישער כל־ ולך און די פרוי רוזשע קוטן, ער א הויכער, זי א הארבאטע,ביידע פון יענעם ציכטיקן און נאיוון טיפ, וואס איז אפשר געווען דער בולטסטער סימן פאר דער ערליכקייט און ריינקייט פון אונדזער באוועגונג. דער יונגערמאן האט אביסל געציטערט סיי איבער מיר סיי וועגן מיר. ער האט געציטערט איבער מיר, איך זאל מיך פילן ווי אין דער היים און איך האב מיך טאקע אזוי געפילט ביי ר׳ בנימין (בנימצ׳י) שפירא, א נאך געגוג ארטאדאקסישן און שוין היפש משכיל׳ישן יידן, ווי ער איז אין יענער געגנט אויפגעקומען, בעיקר דורך דער השפעה פון ר׳ משה אהרן נייגער, וואס איז א צייט געזעסן אין נאנטן דערפל אזשידעוו און האט פארשפרייט השכלה און חיבת ציון (זיין זון איז געווען דער באקאנטער ציוניסטישער עסקן, ר׳ חיים נייגער). ער האט געציטערט וועגן מיר — געזען פאר זיך א קליין געוואקסענעם בחור א מין קוציקל, וואס איז — במחילה, ני פעס — ני באראן — ממה נפשך; בין איך אן אינטעליגענט, וואס גיי איך עפעס אן א שניפסל, בין איך ווייטער א פרומער, וואס גיי איך עפעס אין א היטל, וואס פאסט זיך פאר א בעל מלאכה. פארשטייט זיך, אז ער האָט דאס געציטערט נישט לפי הפסיכאלאגיע פון זיך, נאר לפי הפסיכאלאגיע פונעם עולם, וואס קען ווארפן אן אומחן אויף אזא מין סטראי וואס דערוועגט זיך ארויף אויפן באלעמער. דער בעל־הבית מיינער, האט אים פאטאקעוועט און עס איז געבליבן, אז אזוי ווי עס איז געווען ווינטער־צייט, וועל איך דרשענען, אנגעטון אין מאנטל, וועט מען ממילא נישט זען, צי איך טראג א שניפסל צי נישט, דאס היטל ווייטער וועל איך, במחילה, לאזן אין שטוב און זיך אויסשטראצלען אין א קאפאליטש. מילא, מעשה־מאנטל, איז געווען לייכט, אבער מעשה קאפאליטש האט זיך ארויסגעשטעלט גאר פראבלעמאטיש. וואס פאר א קאפאליטש מען האט מיר געפרוווט אָנטון, האט נישט געטויגט, אדער ער האט זיך מיר, מחמת ברייטקייט, אראָפגערוקט ביז צו דער נאז און איך וואלט געווען ווי א כהן בשעת׳ן דוכנען, אדער ער איז מיר, מחמת שמאלקייט, געשטאנען אויפן שפיץ קאפ, און איך האב גיכער אויסגעזען ווי מאנדריש מאכט דעם אנשטעל. איז נישט געווען קיין אנדערע ברירה ווי נעמען א לייטישן, סטאטעטשנעם, טוכענעם קאפאליטש און אים אקאפ אויסבעטן. זעליג כץ האט געבראכט א בינטל צייטונגען, האבן זיי נישט געטויגט, ווייל ארייגלייגן א יידישע צייטונג איז א חילול השם, ארייגלייגן א גוישע צייטונג הייסט ברענגען א טריפה פסול אין שול און ביידע האבן אונדז נישט געשמעקט, נישט מחמת יראת שמים ווי מחמת שטייגערישער, כמעט סטיליסשער אויסגעהאלטנקייט. האט מען ארייגגעבעט

א זיידן טיכל און דער קאפאליטש איז מיר געזעסן ווי צוגעטאקט און ער וואלט, דאכט זיך, אפילו אויסגענומען אין לעמבעריקער שולעכל פון די היטל און קאפאליטש־מאכערס, וואס די ערשטע האבן עס גערופן: כובע־ישועות ופאר מגבעות און די אנדערע ווידער: פאר־מגבעות וכובע־ישועות, און עס האט נישט געהאלפן וואס פאר מגבעות איז מער מיוחס, ווייל ער שטייט שוין אין חומש, בשעת כובע ישועות — שטייט ערשט ביי ישעיה. און איך בין כלל נישט עובר אויף יהללך זר ולא פיך — ווען איך דערמאן איצט, נאך פערציק יאר, אז מיין דרשה איז עולה יפה געווען, און איז דעם עולם וואס האט אנגעפילט די שול, ביז איבער די ברעגעס, גאר געפעלן געווארן, ווייל באמת איז דא געווען בחינת, יהללך זר. דער פרעמדער קאפאליטש האט דאס גורם געווען צו מיין הצלחה און אז דער בעל־בית מיינער האט, ביים שלש־סעודות, מיין דרשה מכבד געווען מכל מילי דקאמפלימענטן, האב איך דערמאנט די מעשה מיט מיין מלמד ר׳ אליה הוידיק, וואס האט געהאט ווייניק קינדער אין חדר און נישט געהאט אויף שבת, כל שכן אין דער וואָכן, האט ער דערלאנגט א קוויטל א גרויסן צדיק, האט דער צדיק אים געהייסן איבערבייטן דעם קאפאליטש אויף צוויי קאפאליטשן, האט ער שוין אין נאנטסטן זמן געהאט א טאפלע צאל חדר קינדער. פון דער דרשה גופה, וואס איך האב זי ווי געזאגט, געהאלטן כדרך המגידים אין דעם אנגענומענעם זינג־זאנג נוסח, געדענק איך בלויז דאס, אז איך האב רעאגירט אויף דער טענה, וואס איז מיר נאך קידושא־רבא אויסגעקומען צו הערן, דהיינו אז דאס שטעטל איז ארעם און האט זיך נאך נישט אויסגעלעקט פון די ווונדן פון דער מלחמה און די אונטערגענג נאך איר און דאס רוב האבן קוים־קוים פרנסה בדוחק און וואלטן באדארפט גיכער נעמען ווי געבן. פארשטייט זיך, אז צוגעהאלפן האט מיר א מדרש — בימי יואל בן פתואל, זאגט די גמרא; שנת בצורת היתה, אין די טעג פונם נביא יואל איז געווען אן אומגעראטן יאר, מחמת דער פאסעכע און אלץ איז געווען בשפל־המדרגה; אמר להם הנביא לישראל, האט דער נביא געטון צו די יידן א זאג: צאו וזרעו, גייט ארויס אין די פעלדער און זייט; אמרו לו ישראל לנביא, האבן די יידן געטענהעט צום נביא: מי שיש לו קב של חטים, או קביים של שעורים, ווער עס האט א מעסטל ווייץ אדער צוויי מעסטלעך גערשטן, יזרענו בקרקע וימות, זאל ער זיי פארזייען אין דער ערד אריין און זאל אוועקשטארבן פאר הונגער, או יאכלנו וחי, אדער ער זאל זיך דערפון זשיווען און בלייבן לעבן. אמר להם הנביא לישראל, האט דער נביא געזאגט צו די יידן, אף על פי כן צאו וזרעו, — פונדעסטוועגן גייטס ארויס אין פעלד אריין און זייט. האבן די יידן אים געפאלגט און האבן פארזייט

דאס ביסל תבואה וואס זיי האבן נאך פארמאגט, און עס איז אראפ א גאס רעגן און אלץ האט א שפראָץ געטון און איז אוסגעוואקסן און עס איז געווען א זעט מיט א שפע ביז איבערן האלדז. דער נמשל איז געלעגן אויף דער האנט, אז איך האב אים בלויז געדארפט אנווינקן, און דער עולם האט דעם ווינק כמעט ווערטלעך פארשטאנען. והראיה: עס איז נישט אוועק קיין וואך־צוויי און אין „עזרה" דער אינסטיטוציע צו פארהעלפן דעם „החלוץ" וואס


הועד המרכזי של ה„עזרה" [illegible] בפולין הקטנה — לבוב.

תעודה

מר ........................ ב ........................

הוא חבר הועד המקומי של ה„עזרה" ב ........................

ערכה של התעודה בס"ף ביום 31 דצמבר 1926.

לבוב, יום ........................ 1926

הועד המרכזי — יו"ר — מזכיר ראשי

הועד המקומי — יו"ר — מזכיר

פאר איר איז געווען מיין דרשה, האט געגומען אָנקומען נישט בלויז כסף, נאר נאכמער: שווה־כסף און מיר האבן מיט די זעק ביסקער קארטאפליעס, א גוטע פאר חדשים אויסגעהאלטן די חלוצישע קיך אין לעמבעריק.

ירושלים, תשרי תשכ"ה.

חיפה, כ״ג ניסן, תשכ״ד
5 אפריל 1964

לכבוד
ר׳ שמואל יוסף עגנון
ירושלים.
אדון מאד נכבד!

כיושב ראש ארגון יוצאי בוסק בישראל, אני פונה אל כב׳ בבקשה כדלהלן: —

במטרה להנציח קהלתנו הקדושה אשר חרבה, החלטנו להוציא ספר זכרון לעיר.

כתיבתו ועריכתו של הספר, נשלם והולך ואני מבקש מכבודו שיואיל לתרום לטובת הספר: מתן הסכמתו להעתיק מספרו „הכנסת כלה״ את הפרק השלישי מעשה קדירה, אשר תכנו — מוקדש לבעל העגלה יליד בוסק וכו׳.

בתקוה, כי כב׳ יתיר לנו להדפיס בספרנו את הפרק „ככתבו וכלשונו״, הננו מודים לו מראש.

בכבוד רב ובהערצה.
אברהם שיירי.

ב״ה ט׳ בעומר, תשכ״ד.

מר שיירי הנכבד!

בזה אני נותן לכם רשות להעתיק את הפרק שביקשתם להביא מספרי בספר שאתם מוציאים לאור.

רק אבקשכם לבקש רשות גם מן המו״ל מר ג׳ שוקן ולהודיעו, כי נתתי רשות להביא דברי בספרכם.

בכבוד רב.
החתום:
(—) ש״י עגנון.

חיפה, כ״ז ניסן, תשכ״ד.
9 אפריל 1964.

לכבוד
מר גרשום שוקן
עורך ומו״ל
ת ל ־ א ב י ב .
רח׳ הגלבוע 11.
אדון מאד נכבד!

בעניין: „מעשה קדירה״.

ארגון יוצאי בוסק בישראל, מוציא לאור ספר לזכר הקהלה על קרבנותיה הקדושים אשר ניספו בשואה. —

כיושב ראש הארגון, אני פונה אל כבודו בבקשה כדלהלן: —

בספרו של ש״י עגנון הכנסת כלה, הפרק השלישי: „מעשה קדירה״ מוקדש לבעל עגלה יליד בוסק וכו׳. —

בקשתי; שכב׳ יואיל להתיר לנו להעתיק את הפרק ולהדפיסו בספרנו. הסכמתו תשמש תרומה נאה לספר המוקדש להנצחת עיר ואם בישראל אשר חרבה. —

הסופר מר ש״י עגנון, כבר נתן לי הסכמתו. אני מבקש גם רשות מכבודו כ־מו״ל.

בתקוה ,כי כב׳ ייענה לפניתי בקשתי והנני,

בכבוד רב ובהערצה.
אברהם שיירי.

לכבוד
הוצאת „שוקן״ בע״מ.
רח׳ לילינבלום מס׳ 19
ת ל ־ א ב י ב .
א. נ.

בענין: מעשה קדירה.

הנני מתייחס למכתבי מיום 9.4.64 אל מר שוקן, אשר לפי מיטב הבנתי הועבר לטפולו של מנהל ההוצאה מר הרמן ולצערי, טרם נעניתי. —

אורשה להעיר כי המדובר בשלושה עמודים בלבד, מ„הכנסת כלה״, פרק שלישי מעשה קדירה ואת ההמשך של הספור, ניעץ לחברי ארגוננו, לקרוא הספר במקורו וכו׳. —

זאת ועוד; אנו אוספים ומלקטים הכל מה שנאמר, סופר ונכתב על קהילת בוסק אשר חרבה ומאחר והסופר הדגול ש״י עגנון, מצא ענין בבעל העגלה ר׳ נטע יליד בוסק, מן הדין, בזכות היותנו בני בוסק, שומה עלינו להכניס את ר׳ נטע לפחות בתכנו ההתחלתי של הספור, לספר הזכרון של העיר. —

הואיל והחומר להדפסת הספר, כבר נמצא בסדור ועם קבלת הרשות מאת הסופר, לא הטלנו ספק בדבר, כי הסכמת המו״ל תנתן, השארנו מקום פנוי בשביל הפרק המבוקש „מעשה קדרה״ מושבץ במדור המתאים בספר הזכרון וכו׳. —

לתשובת כב׳ אני מצפה והנני,

בכבוד רב.

עותק: לסופר ש״י עגנון. אברהם שיירי.

ירושלים תלפיות ב׳ בלק תשכ״ד

מר שיירי הנכבד, מכלל שמר שוקן שתק משמע שנוח לו שידפס סיפורי מעשה קדירה בספר הזכרון לק״ק בוסק. ואין צריך לומר שאני מסכים בכל לבי אם יש בדברי לעשות זכרון לשם העיר הי״ד

ושלום וכל טוב

החתום

ש״י עגנון.

בית שוקן להוצאת ספרים בע״מ

תל־אביב, רחוב ליליינבלום 19, ת.ד. 2316, טלפון 59081

לכבוד 29, ביוני, 1964.

ארגון יוצאי בוסק בישראל,

לידי מר א. שיירי,

רח׳ בר־גיורא 51,

ח י פ ה .

א. נ.

קבלנו עתה את מכתבך מיום 17 לח.ז.

לדאבוננו, כפי הנראה בזמן העברת משרדנו לכתובתו החדשה, הלך לאבוד מכתבך הקודם מיום 9 לאפריל, 1964.

אי לזאת נבקשך להמציא לנו העתק ממכתבך הקודם, או להתקשר טלפונית עם מר הרמן כדי לשוחח על הדבר אישית.

בכבוד רב,

הוצאת שוקן בע״מ.

החתום:

י. הרמן

בשיחה טלפונית מיום כ״ג תמוז תשכ״ד בין הח. מ. לבין מר הרמן מנהל הוצאת שוקן בע״מ. נתן לי מר הרמן הסכמתו להביא את הפרק המבוקש בספרנו.

א. שיירי

מ״סיפוריו של: שמואל יוסף עגנון

# מעשה קדירה

אף על פי שהעולם נוהג לקרוא לי בעל העגלה מבראד, איני יליד בראד ולא נולדתי בבראד, אלא יליד בוסק אני ובבוסק נולדתי ודי לי שנולדתי בבוסק שאין אדם נולד בשני מקומות. אם כן למה קורין לי בעל העגלה מבראד, אלא שדרך העולם לאחוז בשקר, שהשקר חביב עליהם יותר מן האמת, שאילו היתה האמת חביבה עליהם, לא היו קוראים לי בעל העגלה מבראד אלא מבוסק ובוסק היא עיר קטנה והיא דומה ללביבה של גויים. מה בין לביבות שלהם ללביבות שלנו, לביבות שלנו מלאות בשר או גבינה או תפוחי אדמה או גריסין או פירות ולביבות שלהם אין בהן לא בשר ולא גבינה ולא תפוחי אדמה ולא גריסין ולא פירות, אלא עיסה מקופלת בלבד ואפילו אתה נושך כל היום אי אתה מוצא אלא עיסה. כך בוסק, פרוור יוצא ופרוור נכנס ואי אתה מגיע, אלא מפרוור לפרוור והיא יושבת על נהר וגשרים הרבה מחברים אותה ומסחר גדול יש בה של נסרים ושל כלי חרס ושל פשתן וארמון גדול יש שם והוא ישן נושן ואין לאדם מישראל טובת הנאה הימנו. עכשיו נניח את הארמון ואת הנהר ואת הגשרים ואת כל אנשי בוסק, חוץ מאדם אחד שהוא ראש לכל צרותי ויהי רצון שיבוא הקץ עליו ועל צרותי, כגון שיפול אותו ארמון עליו ויקבור אותו תחתיו, כדי שתהא הימנו טובת הנאה כלשהי לשני יהודים כאחד.

אותו אדם מהו, הרי אמרנו שאנשי בוסק מוכרי כלי חרס ופשתן ומנהג יש בבוסק, כשהם שולחים פשתן מכסים אותו בכלי חרס, כדי שלא יתנו בו שודדי דרכים עיניהם. פעם אחת שכרני אותו אדם להוליך סחורה לבראד ולא אמר לי שהיא פשתן ומאחר שהעגלה מכוסה היתה בכלי חרס, סבור הייתי שהיא כלי חרס. עמדתי ורתמתי את סוסי לקרון שלו ונטלתי את המוסירות בידי ונסעתי. הארץ היתה מלאה קמות והאילנות מלאים פירות והחמה זורחת והלב מלא נחת והסוסים מהלכים כדרכם, לא רצים כנרוצה ולא רוחשים כמשכני אלא כסוסים ואני יושב לי בקרון ומזמר להנאתי, כי הנה כחומר ביד היוצר וכלי החרס עונים על השיר. עוברים ושבים מברכים אותי ואני מברך אותם. מהם גויים גדולים כענקים ושערותיהם ארוכות כשל חיות רעות ועיניהם בולטות לחוץ והם מסתכלים בקרון והולכים להם. ואלמלא שתי טיפין מים ששתיתי הייתי בא לבראד וחוזר לבוסק בלא כל מכשול ופגע רע, אלא שבדרך ראיתי מעיין מפכה מן ההרים וירדתי לשתות. לאחר ששתיתי ביקשתי ליטול עמי

מים לדרך. נטלתי כלי ולא היה שלם, נטלתי כלי אחר ולא היה שלם וכן כל הכלים שנטלתי מרועעים היו. הפשתני הזה כשהוא שולח את פשתנו אינו מדקדק לכסותו בקנקנים יפים אלא מכסהו בכלים סדוקים של חרס, שאינם עולים לו ממון. כיון שפניתי את השורה העליונה נגלה הפשתן. באותה שעה בא גזלן וסטר על פני עד שנפל כובעי מראשי. חס ושלום שנתכוון להכשיל אותי באיסור גלוי ראש, שהרי מיד כפה קדירה על ראשי ולא עוד, אלא שהשחיל חבל בין שתי אזניה של הקדירה כדי שלא תפול מראשי וקשר את שתי ידי לאילן, לבסוף הוסיף לי מכה של פרישות והפליג לדרכו ואין צריך לומר, שהפליג עם סוסי, שהסוסים טובים בשעת ניסה ונטע היכן היה, לא עליכם כל עוברי דרכים, נטע מובלע באדמה היה, שבאותה שעה התחילו גשמים יורדים ונעשתה כל האדמה כטיט. ריקדתי כל מיני ריקודים כדי להוציא את עצמי מן הטיט וראשי מטיח בקדירה ואני חוזר ושוקע יותר. אלא שהקדוש ברוך הוא מקדים רפואה למכה, שאלמלא אותה קדירה הייתי נכנס עם ראשי לאדמה ונבלע כקרח בשעתו. עד שאני עומד כך באה עגלה מלאה חסידים. ראו קדירה אחת מרקדת. אמרו, תאמר שקדירה זו מרקדת מאליה? צעקתי מתוך הקדירה, אני נטע כפות תחת הקדירה. באו והוציאוני וכיסו את ראשי והושיבוני על העגלה והביאוני לבראד. הוי שכל אותה צרה לא באה עלי אלא על ידי שתיה ועדיין אינה כלום לגבי אותה צרה שבאה על ידי אכילה [1].

— אמר נטע, כן הדברים. הושיבוני בעגלה והביאוני לבראד והכניסוני לאכסניה אחת. אותו היום ערב שבת היה ועמדה בעלת הבית לפני התנור והוציאה מיני מאפה. אמרתי לעצמי; נטע אילו נתנו לך מעדנים אילו כלום לא היית אוכל? הרי משעה שיצאת מבוסק לא נכנס לגופך חוץ ממים ומכות. אלמלא לא שללו את ממוני בדרך, הייתי מבקש דבר לאכול, עכשיו שאין פרוטה בידי אין לי פתחון פה לבקש, כיון שהתחילו מעי הומים אמרתי להם, פושעי ישראל כלום ראיתם מימיכם אדם אוכל קודם התפילה, אלא עד שאתה מבקש לאכול בקש תפילין והתפלל. נתן לי בעל הבית טליתו ותפיליו. ראה שאיני לובש טלית. אמר לי, פנוי אתה? אמרתי לו, הן. רמז לאשתו ואמר, תני לבחור זה מה שיאכל. לא הספקתי לסיים את תפילתי, עד שהביאו לי מעשה קדירה. אותה שעה דרך צניעות היתה בי ולא הסתכלתי בנשים ואיני יודע מי הביאה לי, האשה או הבת. אף הוא הזמין אותי לסעוד על שולחנו בשבת. בתוך הסעודה שאל מה ששאל וסיפרתי מה שסיפרתי. הניח בעל הבית ידו על כתפי ואמר, נטע אל תדאג ורמז בשניה ואמר, רואה אתה את זו, חייך היא ישועתך. באותה שעה הביאו מעשה קדירה. אמרתי לעצמי עד שאתה מסתכל בדבריו אכול. ניענעתי לו ראשי ואכלתי. במוצאי שבת נכנסו אצלו קרוביו וידידיו והיו מבקשים לשמוע את מעשה הקדירה. כיון שסיפרתי להם שחקו ואמרו, מימינו לא שמענו מעשה נאה מזה. אפילו בפנקס של בראד — אין כיוצא בו, שהרי מה ענין קדירה לראש?

---

1 האוכלים למעדנים — השיחה בין רבי יודיל ר׳נטע בעמוד כ״ז — הפרק השלישי בספר: הכנסת כלה.

טפחו על כתפי ואמרו, כל הרעות טובות, לגדולה מזו אתה מתוקן. נתתי שבח והודיה לשמו יתברך שהיטיב עמי בצרתי והביאני לביתו של אדם יקר ובירכתי אותו בכל מיני ברכות טובות ולא נתקררה דעתי עד שאמרתי, רבונו של עולם במה אברך אותו עוד, והלוא כל הברכות שהיו בלבי נתתי לו, אלא אין אדם בלא צרה, ואם יש בתוך ביתו של זה צרה שאינו יכול להיפטר הימנה, יהי רצון מלפניך שתמלט אותו ברחמיך הרבים מאותה צרה בזכות מצות הכנסת אורחים שקיים בי. מיד עשתה ברכתי רושם, שבאותו לילה כתב תנאים לבתו. כמה שמחתי באותה שעה וכמה שמחתי באותה שמחה. וכל מי שהיה באותו מעמד חשוב היה בעיני כאילו הוא החתן. כשראו את שמחתי, נתחבבתי עליהם כפליים והושיבוני בראש. עמד בעל הבית ואמר לי, מזל טוב נטע. ניענעתי לו ראשי ואמרתי לו, מזל טוב מחותן. מיד עמדו כל המסובים ואמרו לי מזל טוב, מזל טוב. התחילו הנשים משברות קדירות ואומרות מזל טוב מזל טוב. פניתי לכל הפינות וביקשתי את החתן לברך אותו בברכת מזל טוב, ולכל פינה שאני פונה יד פשוטה אלי ומנענעת את ידי ואומרים לי מזל טוב חתן מזל טוב נטע. באותה שעה למדתי שאין חתן אלא אני. ועדיין לא שקלתי בדעתי אם אני רוצה לישא את זו, אבל לאחר מעשה הקדירה כלום יכול הייתי להתריס ולומר איני רוצה? אמרתי לעצמי, אי לך זולל וסובא, אילו נשברה אותה קדירה ולא אכלת הימנה בערב שבת, לא היו משברין כל אותן הקדירות במוצאי שבת. מיד הכרתי שאין אחר מעשה כלום והכנעתי את דעתי וקיבלתי עלי מה שקיבלתי ואמרתי, נטע אם סוס אתה קפל עליך את המוסירה. מסתמא כך הכריזו עליך מלמעלה שתוליך פשתן ואתה סבור שהוא קדירות ויכופו קדירה על ראשך ויביאוך אצל אדם שיאכיל אותך מעשה קדירה ולבסוף ישברו קדירות הרבה. ואין לך יום שאיני נזכר מעשה קדירה...

הרב יעקב יצחק ויסבלום — חיפה

# תולדות רבני בוסק — בדורות האחרונים

אחד הרבנים האחרונים, אשר כהן פאר כאד״ק בוסקא, היה הגאון מו״ה ישכר דב באבד זצ״ל. קרובו של הה״ג הנ״ל, הג׳ מו״ה מנחם מאניש באבד האבד״ק טרנופול, פותח את תשובתו אליו בספר חבצלת השרון יו״ד סי׳ ע״ג בלשון הזה, שלו אשיב לכב׳ ש״ב הרב הגאון הישיש זקן וקנה חכמה צנא מלא ספרא מפו׳ לשבח ולתהילה שושילתא דיחוסא כשת׳ מו״ה ישכר דב נ״י אבד״ק בוסקא. בעל חבצלת השרון אחד הגאונים המפורסמים מלפני השואה (בסוף ההקדמה לספרו מציין שהנו דור עשירי בן אחר בן לרבי ר׳ העשיל מקראקא) לא היה רגיל לפזר שבחים שלא במקומם. אביו של הג׳ ר׳ ישכר דב הג׳ ר׳ אברהם באבד הוא אבד״ק בוסקא נפטר בשנת תרס״ה בהשאירו שני בנים, האחד ר׳ ישכר דב הנ״ל שמלא מקומו והשאיר אחריו לשבת על כסא הרבנות את בנו ר׳ אברהם (אברמצ״י) באבד אשר היה אחרון שושלת רבני באבד בבוסק ונספה בשואה (הוצא להורג עם כניסת הנאצים לבוסק). והשני, הרב ר׳ יעקב שלום, שהשאיר אחריו שלשה בנים, כולם גדולים בתורה ויראה. והם: א) הג׳ ר׳ זונדל באבד האבד״ק לשנוב ולאחר מכן ראבד״ק בראד, שם נספה עם כל משפחתו. מפורסם כגדול בתורה ובהוראה ונואם בחסד. ב) גיסי הה״ג מו״ה משה באבד האבד״ק ברעזדאוויץ, נקבר חיים עם זוגתו הרבנית ובתו היחידה בחודורוב והיה גדול בתורה ועובד ה׳ במסירות נפש. ג) הה״ג מו״ה אברהם באבד דומ״ץ בפרעמישלא, אשר נקרא בשם „זמושצער רב״ ע״ש חמיו שהיה רב בזמושץ ואח״כ ראבד״ק פרעמישלא והוא מלא את מקומו, בעל הוראה נפלא. נספה עם כל משפחתו בפרעמישלא.

הג׳ מו״ה אברהם הנ״ל האבד״ק בוסק, מלא מקום אביו הג׳ מו״ה יעקב באבד[1].

---

1. באותה תקופה שמש כאבד״ק בוסקא כמה שנים הג׳ מו״ה מתתי׳ אורבך מצעשנוב ואח״כ נתקבל לאבד״ק גוואזדיץ. נתפרסם מספריו שחבר וזכה שיודפסו הרבה פעמים גם בחייו והם: אלפי ישראל על חו״מ. אמרי בינה על יו״ד וכן חידושי הש״ס, מקוה ישראל, חידושי הגאונים, שמירת הנפש, כללי הוראה, ברכת ישראל, הגהות רמ״א וכן הספר המפורסם על הל׳ שבת עפ״י א׳ ב׳ בשם נזר ישראל, הג׳ ר׳ מתתי׳ הי׳ בנו של הה״צ המפורסם כב״ק חו״פ המפורסם מו״ה נחמן זאב זצ״ל ממאניסטרישץ בהגה״צ המפורסם מו״ה דוד צבי זצ״ל האבד״ק קאמיניץ ומאהלוב (חתנו הי׳ הרב המפורסם מו״ה נתן תלמידו של ר׳ נחמן מברצלב אשר כתב את החידושים ודברי התורה אשר שמע מר׳ נחמן) מהג׳ המפורסם מו״ה ליבוש אוירבך האבד״ק סטניסלב אשר הבעש״ט התארח אצלו והיה אומר עליו שיש לו ניצוץ אביי והג׳ בעל נוב״י, לא רצה

בן הג׳ המפורסם מו״ה נתן באבד האבד״ק יאבורוב שיש ממנו הסכמה משנת תקפ״ג על ס׳ תולדות אברהם על הש״ס. הג׳ מו״ה נתן היה אחיהם של הגאונים מו״ה יהושע העשיל אבד״ק טרנופול ומו״ה משה אבד״ק פשעוואראסק שגם ממנו נמצאת הסכמה ע״ס תולדות אברהם משנת תקפ״ג. אביו של הג׳ בעל מנחת חנוך האבד״ק טרנופול. הג׳ מופת הדור מו״ה יהושע העשיל אחיו של ר׳ נתן הנ״ל מחבר ס׳ יהושע, חתן דודו (אחי אביו הקצין מו״ה שמואל באבד) נולד בשנת תקי״ד בעיר בראדי. בימי חרפו היה אבד״ק בוזאנוב ובשנת תקס״א כאשר נתקבל בן דודו הג׳ מו״ה שמואל פלקנפלד בעל „בית שמואל אחרון״ כאבד״ק פוזן במקום אחיו הגה״צ מו״ה יוסף (חתנו של הנוב״י) נתקבל ר׳ יהושע העשיל כאב״ד במקומו בטרנופול. משם נתפרסם שמו לגאון ולתפארת כאחד הגאונים המצוינים בדור. רבים מחכמי הדור השכימו לפתחו לשאול ממנו דבר ה׳ זו הלכה ברורה. מהם: הגאון בעל קצות החשן והגאון בעל חוו״ד ונתיבות וגם הג׳ בעל בית אפרים. שני האחים ר׳ נתן ור׳ יהושע העשיל, כפי ששמעתי מגיסי הנ״ל שהיה גם נכדו של הג׳ בעל ס׳ יהושע והשתדכו ביניהם.

הג׳ מו״ה נתן הי׳ בנו של הגביר המפורסם רחים ומוקיר רבנן מו״ה יצחק באבד מנכבדי עיר בראדי אחיו ומחותנו של הקצין מו״ה שמואל באבד חתן הג״מ משה רוקח האבד״ק זלוטשוב שהיה בנו של הג׳ המפורסם מו״ה אלעזר רוקח אבד״ק אמסטרדם מח״ס מעשה רוקח על הרמב״ם ופי׳ על המשניות על פי הקבלה ומנוחתו כבוד בעיה״ק צפת.

הרב מו״ה יצחק היה בנו של הרב הגדול רחים ומוקיר רבנן הנגיד וקצין בעל בעמיו ראש ומנהיג מו״ה יעקב באבד מגדולי נכבדי עיר בראדי, חסה בצל החכמה ובצל הכסף, הון ועושר בביתו וצדקתו עומדת לעד, מיסד בית המדרש הגדול בעיר בראדי. בבית אולפנא רבתי זה ישבו חברים גדולי התורה כל הימים לרבות הלילות ועסקו בתורה. ת״ח מופלגים אשר בית ישראל נשען עליהם עד אשר הגאון בעל נוב״י לא רצה להתיר שאלה חמורה אם לא בהסכמת חברים היושבים בביהמ״ד של המנוח המפורסם ר׳ יעקב באבד ז״ל. (נוב״י קמא יו״ד סי׳ מ״ג). ביהמ״ד זה היה קיים עד השואה והיה נקרא בפי כל בית המדרש דר׳ יעקב באבד. אשתו הגבירה מרת ריזל היתה בת הרב הגאון מו״ה שמואל האבד״ק רישא שנפ׳ ברישא ער״ה טבת תע״ט. ר׳ שמואל היה בנו של הפרנס דר׳ ארצות מו״ה אברהם בר׳ נתן הלוי (חתן הגאון בעל מגיני שלמה) אשר בועד ירוסלב בי״ג תשרי תמ״ד חתום בין שאר מנהיגי המדינה בהסכמה על הדפסת ספרי עין יעקב, אברהם בן לא״א מו״ה נתן סג״ל ז״ל חתן הגאון מו״ה יהושע זצ״ל. נפטר כ״ז אלול תק״ח בעיר בראד. לר׳ יעקב הנ״ל היו שני אחים: א) הג׳ מו״ה יהושע העשיל אבד״ק טרנופול, הסכים על ספר מכתב אלי׳ על אבות (המבורג תע״ה) וחתם: יום א׳ כ״ה אייר תע״א פק״ק יארטשוב בהתוועדות קודש, הק׳ יהושע העשיל בהג׳ מו״ה יצחק זלה״ה החונה בק״ק

---

להתיר שאלת עגונה חמורה, רק בהסכמתו והיה דודו ורבו של בעל מאיר נתיבים בהג׳ מו״ה מרדכי מארדוש האבד״ק באמברג והמדינה בהג׳ מו״ה דוד בן אחותו של הט״ז.
מו״ה דוד בן אחותו של הט״ז.

טרנופול וכן בועד ד״א בעיר יערוסלב ביום ה׳ ג׳ תשרי תצ״א חותם אחרון הק׳ יהושע העשיל החונה פ״ק טרנופול ודגל אהבה פרוסה בגליל פאדאליע.
ב) הקצין ר׳ מרדכי באבד פרנס הועד ונאמן בית ישראל דד׳ ארצות פולין מעיר בראד.

הרב ר׳ יעקב היה בנו של הג׳ מו״ה יצחק הידוע כאבי משפחת באבד. בימי חרפו היה אבד״ק ברעז׳אן שם בא בהסכמה על ספר צנצנת מנחם שנת תמ״ט (ברלין ת״פ) אח״כ נתקבל לאבד״ק בראד. בהסכמתו ע״ס שם משמואל עה״ת (פפד״א תנ״ט) הוא חותם כבר עצמו „הצעיר יצחק קראקווער חופ״ק בראד״. נפטר ד׳ אלול תס״ה. והניח אחריו דור ישורון יושבים כסאות למשפט במדינת פולין. רבים מהם היו מגדולי ונכבדי עיר בראד שנקראו „בני הרב״ לאמר: בני אב בית דין. הם עצמם חתמו בשם זה בר״ת באב״ד אשר מהם נשתלשלה המשפחה היקרה המיוחסת בישראל, ב א ב ד.

הג׳ מו״ה יצחק קראקאווער היה בנו של פרנס הועד דד״א נגיד ומצוה לעמו מו״ה יששכר דוב בעריש פו״מ דק״ק קראקא בן רבנו רבי העשיל רבו של הש״ך והיה חתנא דבי־ריש גלותא, האלוף המרומם הראש והקצין, השר והנגיד, מנהיג המדינה של גליל לבוב ופרנס הועד של ד״א פולין (לשון פנקס — הקהל בעיר זאלקווא) מו״ה דוד בר׳ יצחק מזאלקווא אשר היה ידוע בשם ר׳ דוד כתבן (אשר היה מילידי עיר פראג כי כך חתם בפנקס עיר זאלקווא „דוד בן לא״א הר׳ יצחק מפראג״). אשת ר׳ דוד מרת טויבא היתה בתו של הש״ך, נפ׳ בש״ק י׳ ניסן תע״ז בעיר זאלקווא ונקברה ע״י קבר בעלה ר׳ דוד כתבן ועי״י אמא הרבנית מרת יענטא אשת הש״ך. ר׳ דוד כתבן נפטר ביום ב׳ ה׳ אייר כ׳ לספירה שנת תנ״ח ושם מנ״כ.

עם כל קהילות הקדש שבגולה נסתם הגולל גם על קהילת פאר זו, על חכמיה וחסידיה וכל תושביה, ששאבו מגדולי ישראל שזכו לשכון בה פאר.

# המשורר מבוסק



בוסק אינה יכולה לעמוד בהתחרות ולהתמודד עם עיירות אחרות של גליציה המזרחית, בגידול וחינוך סופרים ומשוררים. אולם משהו בשטח היצירה הספרותית, הוציאה מקרבה ואחד מהמשהו־מהם, הלא הוא: דוד קניגסברג!

לא אאריך לשם תיאור אופיו, דרך מחשבתו, תכן חייו, פעלו וערך יצירתו ומקומה בספרות האידית של קניגסברג. עשה זאת ידיד נעוריו, חברו בספסל הלימודים בגימנסיה בברודי, העתונאי מנדל זינגר, בשפת הכתיבה של המשורר.

מאידך; לא אצא ידי חובה הן כאיש בוסק והן כעורך הספר, אם לא אקדיש מספר שורות לקורא העברי מצאצאי בני בוסק בישראל.

דוד קניגסברג, נולד בבוסק ב־27 דצמבר 1891. בהיותו בן ארבע עשרה כתב בגרמנית ובפולנית. החל משנת 1910 כתב באידיש. כשנתיים בערך לפני פרוץ מלחמת העולם הראשונה (1914) עבד כמנהל פנקסים בבית מסחר בלבוב. (לעמבערג) גוייס לצבא האוסטרי, השתתף כתותחן בחזית הרי הקרפטים נגד צבא הצאר הרוסי ונפצע. שוחרר מהצבא ונשא בת כפר לאשה והיה לחקלאי.

קניגסברג היה סופר לירי. כתב מאה סונטות. שירים לאומיים ושירי אהבה. תרגם לאידיש את „פאן טדאוש" של מיצקיביץ וחלק משירי היינה.

על אף העובדה, כי היה לחקלאי והשתקע בכפר, לא נטש כליל את המרכז הרוחני והתרבותי אשר קלט אלפי צעירים מהאינטליגנציה של ערי השדה, נהג לבקר בכרך הגליצאי לבוב — תדירות.

בשנים 1927/28 בלמדי בסמינריון למורים בלבוב, נזדמן לי להכיר את קניגסברג. הודות למשורר יצחק (איציע) ברגר מאוהנוב שלמד אתי וישבנו גם איפוא סמוכים לשולחן אחד, באתי בחברת מספר סופרים צעירים כמו: בומזה, אשנדורף ואחרים (אידישיסטים היו). קניגסברג שימש להם מדריך, מחנך, יועץ וכעין אפוטרופוס ונדמה, כי גם תמך באחדים מהם וכו'.

מבלי לדעת על דבר בקורו של „המשורר מבוסק" אותו ערב אצל הסופרים שהזכרתי לעיל, הוזמנתי גם אני ע"י ידידי איציע ברגר לאותה פגישת רעים. היתה זו באמת הפתעה נעימה בשבילי וחוויה יוצאת מהכלל, בלתי נשכחת להכיר אישית המשורר מבוסק, אשר לא ידעתי והשתוקקתי להכיר. הוא עצמו, כולו התרגשות ופניו קרנו אושר וסיפוק עת שהוצגתי לפניו ותוך כדי חיוך הוסיף ושאל: (באידיש) „האם גם אתה בין מושכי עט סופרים" ידידי הצעיר בן עירי? אם כן, הראני נא, כבדני עם משהו משלך, מה הספקת כבר, אדרבא ואדרבא, אתגאה בך „קאראוואנצ'יק". הצטערתי מאד לאכזבו בתשובתי העוקצנית הקצרה: „באתי לטרקלין זה, במטרה ללמוד המקצוע ואין לי עדיין במה להתפאר"! פניו של קניגסברג הרצינו ונפלו. כאילו פגעתי בו וכאן למזלי התערב המשורר ברגר ופתח: נו—נו, אל תצניע לכת ידידי אברהם והפנה מבטו ודברו לקניגסברג: חברי בן עירך קרוון, עוסק בפוליטיקה ציונית. כותב ומפרסם מאמרי פובליציסטיקה ב־„מארגען", הוציא מתיק העור שלו העתון של השבוע, בו נתפרסם מאמרי „פראווינץ שטימען" ופרש הגליון לפני המשורר התוהה, אשר הסמיק קמעה. קניגסברג קרא בנשימה אחת את המאמר, נענע בראשו לאות הסכמה, מלמל והפטיר: „ריכטיג, זער גוט!" תקע „חמישית" ידו לתוך כף ידי וכאכר לחץ אותה בחזקה ואיחל לי הצלחה! (אותו המאמר „פראווינץ שטימען", נשתייר ועודנו ברשותי — ואני אם כן מפרסמו דלהלן).

זאת ועוד; מתוך השיחה שקיימתי עם קניגסברג אותו ערב, (אינני יודע משום מה — לא הוספתי עוד לראותו) נתחוור לי, כי ידע היטב מקור מחצבתי ושאל לשלום אחי יעקב „רענדעלי" ועל מקום המצאו. הרחיק והקשה; תוך התעניינות מיוחדת, אם אחותי שרה „הבלונדינית היפה" כבר נישאה ולמי?

דוד קניגסברג נספה בשואה. יהי זכרו ברוך!

אברהם שיירי

# פראווינץ-שטימען

(וואס לעבט איבער די יידישע יוגענד אויף דער פראווינץ)

צו איז די יוגענד וועלכע איז פערשטויסען, פערוואגעלט און פערווארפען, דארט — ווייט פון דעם גייסטיגען צענטער — בעקאנט די אנפירער פון דער ציוניסטישער באוועגונג? צו ווייסן די דאזיקע וועלכע קומען אויף לאנדעס קאנפערענצן, עקזעקוטיווע־זיצונגען און רעדן אין נאמען פון אט דער פעראיינזאמטער יוגענד, אין וואס פאר א מצב די יוגענד געפינט זיך?

ניין! ... מ' קען די יוגענד וועלכע לעבט אין דער גרויסער שטאט, וואס פיגורירט אין דער קאמוניקאט־כראניק פון דער פרעסע אלס אנטייל־נעמענדע אין פארשידענע פלענאר פערזאמלונגען, אוישוס־זיצונגען, וואס פיגורירען אלס זיגער אין שאך טורנירן, אדער ספארט פלעצער, ס' איז אויך בעקאנט די

יוגענד, וואס רוישט אין דער גאס פונ׳ס קארזא, אדער וואס טאנצט די נייעסטע טענץ, (נאך נישט טוויסט) העכסטנס איז אויך בעקאנט די יוגענד פון א פראווינץ שטעטל, וואס ווענדעט זיך מיט א בקשה צו די פארטיי עקזעקוטיוון, זי צו באזוכען און א רעפעראט אבצוהאלטען.

עס איז אבער ווייניק בעקאנט די יוגענד פון די ווייטע שטעטלאך וועלכע איז אזוי וויכטיק און לעבן זיך זייער אייגען לעבן.

זאל אונדז דערלויבט זיין אנצו־ווייזען אויף אזעלכע שטעטלאך ווי: פאדקאמיען, ביאלי־קאמיען, זאלאזיעץ, אולעסק, סאסוב, סאקאלובקה, טאפארוב און אנדערע, וועלכע ווערן כמעט קיינמאל נישט באזוכט און עס קומט צו זיי נישט קיין ציוניסטישער פארטיי רעדנער און מ׳ זארגט פאר זיי לחלוטין גארנישט.

די יוגענד איז גאנץ פרעמד פון ציוניזם. זי דריקט אויס א מין ציניש געלעכטער אויף די ליפן ווען מ׳ רעד מיט איר וועגן ציוניזם. עס פעלט איר זאפט און קראפט, תוכן אין זייער אויסלעבען זיך. קיין שום שפארן פון בעפאסען זיך מיט ציוניסטישער געשיכטע בכלל און יידישער בפרט, עס פעלט א ארגאניזאציע קראפט, וועלכע זאל זי אויפמונטערן, צוזאמענומען פון די ווינקעלאך און שמוציקע געסאלאך, אריינגעבן איר מוט, געדולד, געוויסן — און וועקן אין איר דעם אידעאל צו בעפאסן זיך מיט ציוניסטישע־יידישע פראבלעמען און טאג טעגלעכע פראגן. עס שטארבט אב יעדעס געפיל פאר דער ציוניסטישער ארבייט. „קרן קיימת״ „קרן היסוד״ „עזרה״ נאך מער לייד דאפון די העברעאישע שול. בית הספר העברי, וואס ערציהט נאך א פאר ערנסטע יונגע מענשן פאר ארץ־ישראל ארבייט אין גלות און גיט ארויס דאס מענטשען מאטעריאל פאר דעם אויפבוי פון ארץ ישראל.

די גאנצע שולד פאלט דערפאר נור אויף די פארטיי עקזעקוטיוון וואס בעפאסען זיך זער וועניק און אפשר טאקע גארנישט מיט דער ארגאניזאציע פראגע פון דער יוגענד אין דער פראווינץ.

די תרגילים פון לאנדעס־שטאטס פאליטיק; סיים, מאגיסטראט, קהל וואהלען, זענען א סם המות — פאר דער יוגענד.

עס איז שוין באמת צייט, די העכסטע צייט, אז עס זאל אין דער באציהונג איינטרעטען א בעסערונג. אויב עס וועט נישט באלד געשעהען, וועט זיין צו שפעט.

אברהם קאראוואן

באמערקונג: דאָס איז דאָס ארטיקל, פון וועלכן דוד קעניגסברג האט א שטארקע הנאה געהאט, „געלעקט די פינגער״ און מיין האנד געדרוקט..

אחרי בקור בעיירות שהוזכרו ברשימה הנ״ל, בשליחות ההסתדרות הציונית, פורסם המאמר בינואר 1928 בעתון היומי „מארגען״ בלבוב.

א. ש.

# דוד קעניגסבערג
# א וואונדערלעכער פאעט פון בוסק

(א)

אז מען פלעגט פארן מיט דער באן פון מיין געבוירן־שטאט בראד קיין לעמבערג, אדער פארן פון דארט צוריק קיין בראד, האט זיך די באן אפגעשטעלט און אויפגעהאלטן א שטיקל צייט אין א סטאציע, וואס האט געהייסן קראַסנע און זי איז געווען כמעט אויף האלבן וועג. דער פולער נאמען פון דער באן־סטאציע איז געווען קראסנע־בוסק, א מין צווילינג־נאמען פון צוויי שטעטלאך, איינס נעבן אנדערן. פון דער סטאציע האט זיך אפגעצווייגט די באן־ליניע קיין זלאטשעוו און טארנאפאל. האט זיך דער נאמען בוסק איינגעגעסן ביי אונדז, בראדער, נאך פון די יונגע יארן. איז בימינו אויך ארומגעגאנגען א ווערטל, מיט וועלכן מען פלעגט אויספרווון, בעיקר קינדער, צי זיי וועלן ביים ריידן קאנען אויסזאגן שנעל ווערטער מיט ענלעכע אותיות, בפרט אז זיי וועלן זיי מוזן זאגן גיך; און דאס ווערטל האט געהייסן: פון אלעסק ביז קיין בוסק טראגט א פוקס א ביקס אין פיסק. אויך דאס האט פאר אונז שוין זער היימיש געמאכט דאס שטעטל בוסק. נאך היימישער איז פאר אונז אין בראד דאס שטעטל געווארן דורך א סך משפחות, וואס זענען פון דארט אריבער קיין בראד און דורך א צאל סטודענטן, וואס פלעגן פון דארט קומען קיין בראד לערנען אין דער גימנאזיע. איינער פון אָט אָ די סטודענטן איז געווען דוד קעניגסבערג, מיט וועלכן איך האָב זיך באקענט אין ערשטן צענדלינג יארן פונם צוואנציקסטן יארהונדערט און מיט וועלכן איך האב אפגעהיט פריינטשאפטלעכע באציאונגען א סך יארן שפעטער.

(ב)

עס לאזט זיך נישט שרייבן וועגן יענער צייט, אויב מען דערמאנט נישט, זאל זיין אין קורצע שטריכן, עטלעכע געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען פון מזרח־גאליצישע שטעט און שטעטלאך, וועלכע האבן געשאפן די אטמאספער אין וועלכער יידן האבן דארט געלעבט און געשאפן.

פון די 660 טויזנט יידן (כמעט 13% פון דער גאנצער באפעלקערונג) אין מזרח־גאליציע זענען 61% פראצענט פון זיי געווען קאנצענטרירט אין די שטעט און שטעטלאך און נאר די איבריקע אין די דערפער. אין א גרויסער צאל פון די שטעט און שטעטלאך זענען די יידן געווען א רוב, און אין א טייל פון זיי אפילו א אבסאלוטער רוב. אבער אין די דערפער זענען זיי געווען א

מיעוט מבוטל. דער רוב פון די יידן אין גאנצן לאנד האט זיך פארנומען מיט מסחר, באאמטנשאפט און פרייע בארופן: דאקטוירים, אדוואקאטן וכדומה. א טייל זענען געווען בעלי־מלאכות און לוין־ארבעטער. און נאך א פרט: אויך די יידן וואס האבן געארבעט, זענען געווען אפגעריסן פון אלע ארבעטן, וואס זענען נאנט צו דער נאטור: לאנדווירטשאפט, וואלד־ארבעט וכדומה, ווי בער באראכאוו האט עס באוויזן און אויסגעטייטשט.

אט די אלע פאַקטן האבן ארויפגעלייגט זייער שטעמפל אויף דער יידישער באפעלקערונג אין אלע באַציונגען: אין גאנצן דערוויטערט פון דער מאמע־נאטור, גאר ווייניק פארבונדן מיט שאפנדיקער ארבעט, לרוב פארנומען מיט פארמיטלען און באדינען דעם רוב פון דער באפעלקערונג.

דאס איז נאך נישט אלעס. די באפעלקערונג פון מזרח־גאליציע איז געווען אזוי צעטיילט: 62 פראצענט אוקראאינער; 25 פראצענט פוילן; נאנט צו 13 פראצענט יידן. די אוקראאינער לרוב אין די דערפער, די יידן, ווי געזאגט, לרוב אין די שטעט און שטעטלאך און די פוילן שפילן די „פאנעס״; זיי פולן עס אויס אלע רעגירונגס־ביוראס; זיי זענען די שארפסטע קאנקורענטן פון די יידן אין די פרייע בארופן און אויך אין א טייל פון די אויבערשטע שיכטן פונם מסחר.

אין די לעצטע צענדלינגער יארן פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה האבן די אוקראאינער אין מזרח־גאליציע דורכגעמאכט א גיכן פראצעס פון נאציאנאלער אויפלעבונג און פון ווירטשאפטלעכן פראגרעס. און ווען אויך דער פראצעס איז פאר זיך אליין געווען אביעקטיוו א פאזיטיווע דערשיינונג, האט ער אבער גורם געווען זער נעגאַטיוו־צעשטערנדיק אויף דער יידישער באפעלקערונג. די אוקראאינער האבן זיך באמיט ארייננצונעמען אין זייערע הענט דעם מסחר און האבן פון דארט ארויסגעשטופט מער און מער יידן; אוקראאינער האבן מער געלערנט מלאכה, האבן זיי אוועקגענומען ארבעט פון יידן; אוקראאינער האבן מער געלערנט אין מיטלשולן און אוניווערסיטעטן, זענען מער פון זיי געווארן בעאַמטע, דאקטוירים און אדוואקאטן, האבן זיי ארויסגעשטופט יידן. אין אלע ווירטשאפטלעכע פאזיציעס, אין וועלכע די יידן זענען געווען קאנצענטרירט, זענען זיי מער און מער געווארן איבעריק.

און אויב אין דער אטמאספער פון נאציאנאלער אונטערדריקונג פון די אוקראאינער דורך פוילן, זענען די יידן שוין געווען צווישן האמער און קאוואדלע, האבן נאך די יידישע פאליטיקער, דאס הייסט — די ראשי־קהלות און אנדערע רעדל־פירער, געהאלטן מיט די שטארקע, די פוילן, האט עס נאך מער פארשארפט די באַציונגען צווישן די דריי פעלקער און ארייננגעטראגן שנאה און פארביטערונג אין דעם פראצעס, וואס איז שוין פון זיך אַליין געווען אנגעשטאפט מיט שווערע צוזאמנשטויסן.

דאס אנלענען זיך אן שטארקן האט געבראכט דאצו, אז יידן האבן זיך פארשקלאפט צו די פאַליאקן (א אנדערע באַציונג צו א צווייטן קלענערן פאלק האט דאס רעאקציאנערע פוילן נישט פארשטאנען) און אלץ מער און מער זיך

דערוווייטערט פון יידישן כלל און פונם יידישן מהות בכלל. אין בעסטן פאל זענען אט די יידן געוואָרן פּאַליאַקן בני דת משה, אָבער אין פּוילישן פאלק האָבן זיי זיך נישט פאַרמישט, ווייל די פּאָליאַקן האָבן נישט געוואָלט און די יידישע רעליגיע אַליין איז אויך נישט געווען אַ גענוגנדיקער צובונד.

אין דער אַטמאָספער האָבן געמוזט לעבן די יידישע מאַסן אין מזרח־גאַליציע; אין אָט דער אַטמאָספער איז דאָרט אויפגעוואַקסן די יידישע יוגנט און פון זיי זענען אויך אַרויסגעקומען די שאַפער פון דער דעמאָלט מאָדערנער יידישער ליטעראַטור אין מזרח־גאַליציע אין סוף פון ניינצעטן און אין אָנהויב פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. בראָש איז געשטאַנען שמואל יעקב אימבער, אַ זון פון שמריהו אימבער, דער ברודער פונם מחבר פון דער „התקוה״. דוד קעניגסבערג איז געווען איינער פון ש.י. אימבערס טאַלענטירטסטע תלמידים און אַ אינטערעסאַנטער רעפּרעזענטאַנט פון דער גרופּע שרייבערס.

(ג)

דוד קעניגסבערג איז געקומען פון בוסק קיין בראָד, ווייל זי איז נישט געווען ווייט פון זיין ווויִן־שטעטל; אפשר אויך, ווייל דער אַריבערגאַנג פונם שטעטל אין אַ נישט גרויסער שטאָט ווי בראָד איז לייכטער ווי אין אַ אויך נאָנטער, אָבער גרויסער שטאָט, ווי לעמבערג. אָבער אָן ספק האָט קיין בראָד אויך געצויגן די גימנאַזיע אין דייטשער לערן־שפּראַך, וועלכע איז געשטאַנען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. צו לערנען איז מען געקומען קיין בראָד אויך פון ווייטערע ערטער. פון דער גימנאַזיע זענען אויך אַרויסגעגאַנגען יידן־שרייבער אויף דייטש מיט באַקאַנטע נעמען ווי אפרים פריש, יאָזעף רויט און אַנדערע.

אין בוסק ווי אין בראָד און אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלאַך אין מזרח־גאַליציע און וואָלין, זענען נאָך געבליבן געוויסע פּוילישע פעאָדאַלן — פריצים און גראַפן, וואָס האָבן אַ מאָל געהאַט דאָרט גאַנצע דערפער און אין זייערע הענט זענען נאָך געבליבן גיטער און הויפן. אין בראָד זענען געווען די לעצטע פּאָטאָצקיס און, אין בוסק די באָדעניס.

איינע פון די טעכטער פון די באָדעניס (אַ משפחה, וואָס אירע פאַרטרעטער האָבן נאָך ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה געשפּילט אַ פירענדע ראָל אין דער עסטרייכישער פּאָליטיק) האָט אַרויסגעוויזן שטאַרקן אינטערעס אין דעם יונגען דיכטער דוד קעניגסבערג.

זינגט ער צו אָט דער גראַפיניע:

און אַז דו וועסט קומען פאַר מיין טיר,<br>
נישט דינער טרעטן אַקעגן דיר,<br>
נישט בלאַנקע באַדינטע, ליווריי־געקלייד׳ט,<br>
דיין יעדן באַפעל צו האָרכן גרייט...

און וועסטו טרעטן אין צימער צו מיר,
וועסטו נישט אנטרעפן גאלד׳נע ציר
און בריק און ווענט מיט דיוואנס פארשפרייט,
אזוי ווי ס׳פאסט פאר דיין הערליכקייט.

ארעם בין איך, איך האב נישט קיין גאלד
און אוצרות פאר דיר, ווי כ׳וואלט געוואלט.
דאך האב איך א הארץ פול ליבעס־שיין
און האפנונגען, געזאנג־באשפינט.
דא בין איך קעניג, און ליבסטו מיך, קינד,
קענסטו דא אויך א קעניגין זיין.

(ד)

אין דעם געדיכט, וואס איך האב דא געבראכט, האט איר שוין א מוסטער פון קעניגסבערגס דיכטערישן שאפן. דאס נייס, וואס ער האט געבראכט, איז געווען די פארם פונם סאנעט, וועלכער איז נאך דעמאָלט געווען זער קנאפ אין דער יידישער ליטעראטור בכלל, נישט בלויז אין גאליציע. שמואל יעקב אימבער און יעקב מעסטעל זענען שוין געווען דיכטער מיט א באשטימטן פרצוף און מיט א נישט קליינער אויטאריטעט, בשעת דוד קעניגסבערג האט אנגעהויבן אפצודרוקן זיינע ערשטע לידער אין יאר 1909 אדער 1910. ער איז געבוירן געווארן אין יאר 1892. זייענדיק אין דער בראדער גימנאזיע האבן מיר שוין געוווּסט, אז קעניגסבערג שרייבט געדיכטע, נאר ווער שרייבט עס נישט אין די יארן קיין געדיכטע? געהייסן האט עס, אז ער שרייבט גאר שיינע ליבעס־געדיכטע אויף דייטש און פויליש, וועלכע ער ווידמעט דער טאכטער פון גראף באדעני אין בוסק. געדרוקט האט ער קיינמאל נישט קיין לידער אין די ביידע פרעמדע שפראכן.

דוד קעניגסבערג איז געווען א קליינטשיקער, האָר האט ער געהאט שווארצע, אין פנים איז ער געווען ענליך צו א טאטער. מלך ראוויטש דערציילט, אז קעניגסבערג האט געמיינט אין פולן ערנסט, אז ער שטאמט טאקי פון טאטערס, וועלכע זענען פאראן געווען אין דערפער פון דער סביבה. אז מיר פלעגן מיט אים ריידן וועגן דעם, האט ער געזאגט, אז זיין באבע האט זיך אודאי „פארקוקט״ אויף א טאָטער... קעניגסבערג איז געווען קליין, אבער נישט שוואך. אויף צו פארווישן זיין קליינע געשטאלט און חשד פון קערפערלעכער שוואכקייט, פלעגט ער ארויסווייזן זיין גיכע באוועגלעכקייט און זיין פיזישן כוח. בטבע איז קעגיגסבערג געווען א שטילינקער, כמעט א שעמעוודיקער, נאר אין קרייז פון גאר נאנטע פריינט האט ער באוויזן זיין לעבעדיקייט, זיינע לוסטיקע איינפאלן און זיין בקיאות אין ליטעראַטור אין עטלעכע לשונות. מען האט אים געהאלטן פאר א גוטן תלמיד, בפרט אין שפראכן און ליטעראטור, אבער ער האט נישט פארענדיקט

אלע קלאסן פון דער גימנאזיע. פארוואס, ווייס איך נישט גענוי, עס קאן זיין דערפאר וואס די עלטערן האבן אים נישט געקאנט אויסהאלטן און עס קאן אויך זיין, אז ער האט נישט לאנג אויסגעהאלטן אויף איין פלאץ, בפרט אין שטאט, ווי מיר האבן עס ביי אים געזען אין די שפעטערע יארן.

אין יאר 1912 איז ארויס אין דרוק א ביכל „לידער" פון דוד קעניגסבערג און די מבינים און ליטעראטור־קריטיקער האבן באלד ארויסגעפילט די באזונדערקייט אין סגנון פון דער שפראך און די שפארעוודיקייט אין ארויסברענגען די געפילן און געדאנקען און ביים מאלן געוויסע בילדער.

א יאר שפעטער, 1913, גייט ארויס קעניגסבערגס ביכל „סאנעטן"; צום ערשטן מאל אין יידיש א לידער־בוך מיט לויטער סאנעטן. אבער נישט דאס אליין. קעניגסבערג האָט פאר זיך אויסגעקליבן די שווערסטע פארם פון געגראמטער פאעזיע — סאנעטן — און אויך זיין שפראך האט ער צוגעפאסט צו דער דאזיקער פארם פון פאעזיע.

קעניגסבערג ווייסט אז ער מוז זיך זען ווי א רינגעלע אין קייט פון די שאפערס אין דער יידישער ליטעראטור. ער זינגט:

און ווילסטו מיט דיין ליד די הערצער קויפן,
מוזטו עס פרום, ווי ביאליקס יינגלעך מאכן,
מוזטו עס לאזן גלייך פריצעס מעשיות לאכן
און מאלן עס אין מוכר־ספרימס אופן.

דאס איז זיין פראגראם פאר זיין „ארס פאעטיקא", אבער ווי אזוי ער מאכט דאס, איז גאנץ ניי און גאר נישט געוויינטלעך. הערן מיר זיך צו צו די לידער:

## דאס חסיד׳ל

די פיסעלעך אין שוך־און־זעקעלעך,
אין בעקעשעל, א לוסטיק־לעבעדיקס,
א יידעלע א פארטיקס און א פיקס׳,
א חסיד׳על מיט אלע ברעקעלעך.

אט לייכטן אונטער קרייזל לעקעלעך,
פריש ווי דאס גרינע גראזגעוויקס,
אויף וועלכן ס׳שפילט, א קינד א חנעוודיקס,
די רויטפארפלאמטע ווייסע בעקעלעך.

פריי שפרינגט און שפילט עס זיך ווי יעדעס קינד. —
נאר ווען דו עפנסט־אויף פאר אים א ספר,
די אייגעלעך ווי קעניגליכע לייפער
דורך שורות יאגן, קוקן אזוי טיף
אין אות, אז ווען סע רופט, קומט ענפטער־רוף,
ווי ס׳עכא פון א טיפער ברונעס גרונט.

## ווייסע חברה

האלבנאקעט, אין די קעשענעס די הענט,
אצונדער קומען זיי אהיים פון שפיל.
אין שטעטל לייכטן זיך שוין פענצטער פיל,
א פייער אונטערן רוס׳קען דרייפוס ברענט.

טויט־הונגעריקע, מידע, פאלן־צו
די ארעמע, פון פאליעוון האלב־טויט
צו רייז מיט מילעך און צו שווארצן ברויט
און צו דערקוויקענדיקער קישענס־רו.

און קומט דער חלום, זעהען זיי די זון,
דעם גרינעם סאד און בוימלעך רויטע פון
די צייטיקע וויינפערלעך, און מיט א שער
שערט עמיצער, א גוטער, כ׳וויים נישט ווער,
באזונדער יעדן איינעם אן אין שויס
פול רויטע ווייגפערלעך, ווי ווייגשל גרויס.

## אברם און לוט

ווען גרויסע בוימער וואקסן נאנט בײנאנד,
קומט דורך די צווייגן זיי קיין זונשיין העל.
זיי שטייען זיך אין וועג, פארקריפלן שנעל,
און וויאנעןביידע טרויריק האנט אין האנט.

„דא פאר אונדז ביידע איז צו ענג דאס לאגד,
צו ווייניק וואסער האט פאר אונדז דער קוועל,
צו נאנט איז אונדזערביידנס הויזטירס שוועל,
צו נאנט, צו נאנט איז אונדזער וואוינשטובס וואנט.

פאמעלעך און דער שלום אונדז פארשווינד׳ט,
אפט אין געקריג קומט אונדזער הויזגעזינד.
און בעסער וועט אונדז פון דער־ווייטנס זיין.
אויך פון דערווייטנס וועט מיט אונדז זיין גאט״
און יידע זענען זיך אן האס צעגאן,
קיין צפון אברם און קיין דרום לוט.

### דער ערשטער פריוו

איין שיסל גאלד, די אנדרע שיסל פייער
פארן יונגען קינד די הויפבאראטער שטעלן:
„מיר וועלן זען אן דעם, וואס ער וועט וועלן,
צי ער וועט פאלש זיין אייך צי א געטרייער.

אויב ער דארף זיין אמאל פון הארצן אייער,
וועט לאזן ער דאס גאלד פאר אייך און ס׳וועלן
די הענט זיך נעמען אן דעם שיין, דעם העלן״.
און זע: דאס פייער ווערט מיין פאלקס באפרייער.

ווער האט געפירט אזוי, ווער האט געטוען,
אז ס׳האט א קינד געוועלט זיך ווי א חכם,
כאטש ס׳האט זיך אפגעבריט, שטאט גאלד דאס פייער?
נישט אנדערש סיידן הימלישע מלאכים. —
אזוי מוז יעדער העלד אן פלאם זיך בריען,
און איבער גאלד מוז זיין די פלאם אים טייער.

(ה)

נאך מיין מיינונג איז עס בלויז א פוסטע גריבלען־זיך, ווען מען לאזט זיך אריין נאכצוווייזן סתם השפעות פון אנדערע גרויסע און פרעמדע דיכטער ביים אפשאצן דעם ווערט פון א באשטימטן פאעט. אויף וועלכע פאעטן, למשל, יידן און גויים און אין פארשידענע לשונות, האט נישט משפיע געווען היינריך היינע? אודאי אויך אויף קעניגסבערגן. סאיז אויך גארנישט שווער צו באווייזן ביי אים די השפעה פון די פוילישע דיכטער מיצקיעוויטש און קאכאנאווסקי. קעניגסבערג אליין האט זיך אויסגעקליבן פאר א מוסטער, ווי מיר האבן נאכגעוויזן מיט א ציטאטע, מענדעלע מוכר־ספרים, י.ל. פרץ און ביאליקס פאלקסטימלעכע לידער. אבער דער עיקר איז פארט: וואס איז זיין אייגנס? וואס איז זיין אייגענער צושטייער צו דער יידישער ליטעראטור?

מיר האבן שוין דערמאנט און באוויזן מיט ביישפילן, וואס פאר א מייסטערשאפט דוד קעניגסבערג האט ארויסגעוויזן אין דער שווערסטער פארם פון געגריימטער פאעזיע און ווי עס איז אים געראטן צוצופאסן די שפראך צו אט דער פארם. לייענענדיק די סאנעטן מוז מען זיך צוהערן צו דער באזונדערער מוזיקאלישקייט פון די 14 שורותדיקע לידער. און ער האט ארויסגעגעבן א ביכל מיט הונדערט סאנעטן. ביז היינט, דאכט זיך מיר א בן־יחיד אין דער יידישער פאעזיע.

לפי דעתי, האבן ארויסגעוויזן גאר ווייניק פארשטענדעניש פאר קעניגסבערגס יידיש־לשון יענע, וואס האבן דארט געזוכט און געפונען דייטשמעריש. קעניגסבערג האט זיך נישט געזוכט באקוועמע וועגן פאר זיין שאפן, ער האט זער גוט פארשטאנען אויסצוקלייבן און אויסצולייטערן, נאר זיין סגנון איז געווען די שפראך פון טייטש־חומש און פון די תחנות. אין דעם פרט קאן מען ביי אים געפונען א פארגלייך מיט דעם שפעטערן גרויסן יידישן דיכטער איציק מאנגער. נישט נאר צו דער פאלקסטימלעכער שפראך, נאר אויך צום יידישן פאלקסליד און צו יידישן פאלקלאר האט זיך קעניגסבערג באצויגן מיט דבקות. מיר האבן דאס שוין געזען אין די סאנעטן, וואס איך האב דא געבראכט, נאר איך וועל ברענגען נאך איינעם פון זיי:

### דער ערשטער טאג

נישט וויין, נישט וויין, מיין קינד, מיין פייגעלע!
דער טאטע קומט און עפעס ברענגט ער דיר:
א מעש׳נעם הונצוואט און א סקריפ פון טיר
און, ליובינקע, א לאך פון בייגעלע.

דאס קינד איז שטיל, און אין זיין אייגעלע
הענגט ס׳לעצטע טרערעלע א פערעל־ציר.
און אויף די הענט ווערט עס אנטשלאפן מיר,
גלייך יענעם סלימאקעל, דעם וואטער־טייגעלע.

וואס שטעקט ארויס די קליינע הערנערלעך,
געטרויענדיק די קינדערס צויבער־שפראך.
און אפגעגנארט, מיין קליינטשיקס, ביסטו דאך,
דיין ערשטער טאג איז שוין פול דערנערלעך.
און מארגען שוין ווערסטו געוואר, מיין קינד,
אז יעדע האפנונג איז ווי שוים אין ווינט.

דוד קעניגסבערג איז געווען פארליבט אין דארף, אין דער דארפישער נאטור און לאנדשאפט. אין זיין קורצן לעבן איז ער עטלעכע מאל אנטלאפן פון שטאט און פון זיין שטעטעלע בוסק אין דארף אריין. זיין מאלן די נאטור אין

ליד און סאנעט איז בשעתו געווען עפעס גאר נייס אין דער יידישער ליטעראטור. אין זיין פאעזיע פילט מען מער די פארבונדנקייט מיט דער נאטור, און קאן זיין, אז דאס איז דער טיפער פארלאנג צוריק צו ווערן ווידער איינס מיט דער מאמע־נאטור, פון וועלכער ער און זיין גאנץ פאלק זענען אפגעריסן געווארן.

## אויף אלע פעלדער

אויף אלע פעלדער ליגט געדיכטער מראק,
א שפריירעגן ווי דריבנע ראסע שיט.
ווי אין פארשלאפנקייט דער טאגגייסט ציט,
און שלעפט די זון מיט אין א גראהען זאק.

און אהן אן עכא קלאפט אן בוים די האק,
די אויגן זעהען קוים אויף צוואנציק שריט,
און נידריק אויף די פייכטע צווייגן פליט
א קאניע מיט איר איינטעניק געקראק.

אין אלע זאכן איז פארבלאסט דער גלאנץ,
זיי הוירן, טרוירן, שטומפיק, דומפיק, טריב.
היינט בלייב איך שוין א גאנצן טאג אין שטוב,
די אנגעהויכטע שויבן רינען גאנץ.
קומט מיינע פריינט! א פריילעך ליד דערמאנט׳ס,
שפילט עפעס אויף אזוינס, וואס איך האב ליב!

## דער וואלד איז...

דער וואלד איז פון דעם ערשטן שלאף דערוואכט,
און איבער אים גייט אויף די וועלטנס לאמפ.
די שטערן פונקלען בלאסער צו זיין פאמפ
און אומגעזעהענער גייט אום די נאכט.

סע האבן זיי׳רע אויגן אויפגעמאכט
די ווייסע ברעזע און דער טונקלער דאמב,
און דינע לאזעס אין דעם יונגען זראמב,
און טרינקען שיכרות פון דער זילבערפראכט.

און חלום־רייך רינט איבער זייער גוף
דעם הימעל׳ס ברכה, טרויפלט טויגעוואריץ.
זאפט זיך אין קארע איין, קומט דורך צום הארץ. —
און ס׳שטעלן בלעטער — הענט — צום ליכט זיך אויף.
און ווייט פון וואלד ארויס קומט הערשענרוף
פול טרויער־בענקשאפט, פול מיט זיסן שמארץ.

און לשם וואריאציע, ווי אזוי קעניגסבערג האט אין שפעטערע יארן און נישט אין דער פארם פון סאנעט געמאלן נאטור און בכלל אויף צו באווייזן זיין באציונג צו נאטור, נאך צוויי לידער פון נאטור־מאלעריי.

זאל מיר דערלויבט זיין א קורצע פערזענלעכע דערינערונג: אין יאר 1923 בין איך געקומען קיין לעמבערג אויף א פאר וואכן העלפן ביי דער פאַרטיי־ארבעט פון פועלי־ציון און ביי דער רעדאקציע פונם פארטיי־ארגאן. באלד האט מיר קעניגסבערג צוגעשיקט אט די צוויי לידער, וועלכע זענען געדרוקט געווארן אין „דער נייער יידישער ארבעטער״ פונם 10 סעפטעמבער 1923.

## הארבסט — מאטיוו

1

דעם זומער פרינץ׳ס טויטנבעט האבן פארפוצט שוין די לעצטע באגלייטער,
נאך עטליכע בלומען־פארפלעכטס, נאך עטליכע קראנצן־פאררעכט׳ס.
צום הארבסטווינטס געוויין בלאזט דער שופר, דער טבע׳ס טויטן־טרוימייטער
און צופט דאס צעווייטיקטע הארץ אזוי ווי א ביטערער קרעכץ.

אין מיט פון פאבריקן און קוימנס, אין מיט פון דעם טשאד פון די קוילן
דערוועקט זיך די זארג פון א חיה, וואס זוכט זיך אויף ווינטער א הייל;
אין מיטן דער האסט פון די מענטשן קאן איך ביי מיין קלערן נישט פועל׳ן,
אז חוץ ביי מיין מוטער־ערד האב איך וואו אין אוצרות א טייל.

2

פון גרין אין אלע ניואַנסן פארבט גאלדן ביז רויט זיך די טבע,
און געל און גרא צום סוף; ווי גיך די זומערס אנטלויפן.
דעם לעצטן עפלבוימס פירות, וואס האבן געררויטלט פון גרין זיך,
האב היינט איך ביים סוחר געזען אין בודע אויף פונט צו פארקויפן.

מען זעט פון מיין פענצטער אין גארטן די אייביקע טבע־צעשטערונג,
וואס כהאב ערשט אין דרייסיקסטן יאר מיט מי זיך געלערנט דערטראגן,
נאר ווי פון טונקעלן חלום וואכט־אויף יענע יוגנט־ראמאנטיק,
צו לויפן אין פעלדער ארויס דעם פארטריבענעם זומער דעריאגן.

בעת סאיז אויסגעבראכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז דוד קעניגסבערג געווען א זעלנער אין דער עסטרייך־האבסבורגישער ארמיי. ער האט אפילו דערגרייכט די מדרגה פון א פעלדוועבל, אבער דער אונטער־אפיצער קעניגסבערג איז קיינמאל נישט געווען קיין פאטריאט פון מיליטאריזם און מלחמה. דאס באווייזן אויך קלאר זיינע לידער „פון שווערער צייט", וועלכע ער האט מיר צוגעשיקט און זיי זענען געדרוקט געווארן אין „דער יודישער ארבייטער", וועלכן איך האב אין די מלחמה־יארן און נאך דער מלחמה רעדאקטירט אין ווין:

1

מיד און מעשים־לער
פאלן מיינע טעג.
כלייג זיי טרויער־שווער
צו די נעכט אוועק.

סהארץ נייגט זיך פול רו
און בטחון־דייך
צו דעם עתיד, וואו
בעס׳רע האפנונג לייכט.

2

די קוילן טוען זייער בלינד שליחות,
און מאכנדיק דעם בלוטגאנג וויינען זיי;
די ביימער אין דעם וואלד, די לופטן יאמערן:
א, ווייזט מיר אייער וואונד; וואו טוט אייך וויי?

וואס פאַר א שטערונג איז אין דיר געקומען,
וואס פאַר א ווילדן שטורם דערלעבסטו, וועלט?
די שטילע גרעזער בייגט א שווערער אטעם,
און וואונדן רייסט עס אין דעםברייטן פעלד.

3

פון דער זייט, ווי איבערגעהאקט,
נאכן דראט־פארהאק, בײדע זייט וועגס,
וואו פריער האט קיין מענטש זיך געוואגט,
הייבט־אן זיך ערשט רעכט דאס געוועקס.

די טבע האט דא נישט געשפארט,
די גראזן הויך, זאפטיק און גרין.
געבענטשט, ווי פון גאט, איז דער ארט,
וואס מענטשנפוס קומט נישט אהין.

4

אין פעלד פון פרישגעפאלענע הרוגים
שטיי איך פאר איינעם, סאיז זיין וואונד שוין שווארץ.
ווי יונג, ווי שיין! שטאט אין זיין צייטס תענוגים
האסטו געפלאגט אין שלאכטנשרעק דיין הארץ.

דארט ליגט די ביקס, די הענט ווי אויפגעהויבן,
אין ברוסט א שטאך און דורך דעם קאפ א קויל,
דאס בלאע אויג ברייט־אפן ליגט ער אויבן,
און ווער סע קוקט אים אן, נעמט דורך א גרויל.

5

נישטא קיין מענטש די טויטע צו באוויינען,
נישטא ווער סזאל פאר זיי א הספד מאכן,
אין מאסן־קבר ליגן זיי אינאיינעם,
באגראבן דארט צוזאמען מיט די זאכן.

אין איילעניש פארטראגן און באהאלטן;
וואו איז ווער אייך האט אייער רעכטס געטוען?
ווען מוועט אויף אייך זיך פרעגן, הימלן שפאלטן,
וועט קיינער וויסן די וואס דארטן רוען.

6

איר שיצנגריבער, שטכענדיקע דראטן,
פוסט שטייט איר היינט, וואס ווייסט איר צו דערציילן?
איר וואונדן פון דער ערד, דער מענטשהייטס שאטן,
קיין צייט קען אויפהעלן, קיין דור אייך היילן.

דאס אומרו־פאלק האט אייך געלאזט פון הינטן,
פארלאזט אין איילעניש די מוילוועוּרף־היילן.
און איינזאם, טרויריק ציָן דורך אייך די ווינטן,
אויף אלע וועגן אייער לעבן צו דערציילן.

7

געפאלענע מיטן אין שטורעמס מהומה,
אזוי ווי די ביימאלאך פאלן די דינע!
היינט פרעגט אייך נישט קיינער שוין מער אויף דער אומה,
אויף אייער אמונה, אויף אייער מדינה.

פארמישט ליגט איר דא אויף די גלייכע געלעגערס,
איין גאט האט דערראטעוועט אייך פון די תהומות.
פארוואונדעטע ליגט איר, געיאגטע און יעגערס,
און חלומט דא אלע די גלייכע חלומות.

בדרך כלל בין איך בדעה, אז קעניגסבערגס לידער ריידן אליין פאר זיך און נויטיקן זיך נישט אין א סך פרושים, אכער צו אט די לידער פון דער מלחמה ווילט זיך צוגעבן א פערזענלעכע באמערקונג: טרעפנדיק שפעטער קעניגסבערגן האב איך אים וועגן די לידער געזאגט, אז פונם קוק פון בלויזער פאעזיע זענען זיי נישט גענוג געשליפן, ווי מען קאָן עס פון אים פאָדערן און אז אויך די שפראך איז נישט פריי פון גרייזן וועלכע מען קאן נאר מוחל זיין אַ אנהויבער, אבער נישט אים. איך אבער האב זיי געדרוקט, נישט בלויז, ווייל זיי זענען זיינע נאר בעיקר, ווייל איך האלט זיי פונם מענטשלעכן קוק פאר דאקומענטאריש פון איינעם, וואס איז אליין געווען אין דער בלוטיקער מלחמה. קאן זיין, האב איך אויך געזאגט, אז טאקי דערפאר זענען אַזעלכע לידער נישט געפיילט און נישט געשליפן. „אין די שלאכטן שוויגן די מוזן...״ קעניגסבערג האט מיר געדרוקט די האנט, און דאס האט קלאר געהייסן: יא.

(ו)

דוד קעניגסבערג פארליבט זיך אין זיין מומע, זיין מאמעס יינגסטע שוועסטער, ביי יידן א נישט דערלויבטער זיווג, אבער זיי ווערן מאן און ווייב. דעם דיקטער ווערט נמאס די שטאט און דאס שטעטל, גייט ער מיט זיין יונגער פרוי אין דארף, זיין ווייטער פון משפחה, ווייטער פון רויש און גערודער, נאנטער צו דער מאמע־נאטור. האט ער צוליב זיין געליבט ווייב, זיין מומע, א סך אויסצושטיין פון משפחה און אויך פון די דארף־לייט. קעניגסבערג נעמט דאס אלעס אן באהבה.

עס ווערט געבוירן א קינד, אבער עס לעבט נישט לאנג. דעם קלאפ פונם גורל טראגט קעניגסבערג שווער אריבער. די לייט פונם דארף און פון דער משפחה זעען אין דעם גאטס האנט. דער דיכטער איז איינגעהילט אין טיפן טרויער

## פ׳ונם ציקל: „קינדס טויטנלידער״

1

אין אלע טירן האט ער געקלאפט,
דער שווארצער שליח, דער מלאך פון טויט.
אין ערגעץ איז נישט דאס רעכטע געווען,
אזא שטערנדל ווייס, אזא בעקאלע רויט,
אזא גאלדן קעפאלע.

אין אלע שטיבער האט ער געזוכט,
ווער סזאל גיין פאר הקדוש ברוך הוא
מיט זיינע מלאכימלאך שירה צו זינגען.
ווער האט דען געהאט די ליפאלאך ווי דו,
אזא לויטער קולעכל.

און אלע הערצאלאך האט ער געפרובט,
ווער סזאל ראוי זיין פאר זיין שטול צו שטיין.
דו, וואס האסט נאך די מענטשנשפראך נישט געקענט,
האסט אויסגעוויזן איינציק ריין,
מיין כשר נשמה׳לע.

2

און אלץ, וואס איך זע ארום מיר און אין מיר,
בינדט שטיל דער זכרון צונאנד,
און אלץ טייט באשיינפערלאך מיר נאר אויף דיר,
וואו ביסטו, אין וואס פאר א לאנד ?

די שפילאכלאך דיינע צעווארפן, נאך גרייט,
אז דו זאלסט זיי נעמען אין האנט,
זיי מאנען ווי יתומדיק, שטילנקערהייט,
וואו איז זי, אין וואס פאר א לאנד ?

די קליידאלאך דיינ,ע צעלייגט אויף דער באנק,
א שיכל, א טיכל, א באנד,
א יעדער זאך טוט אויף דעם מיידאלע באנג,
וואו איז זי, אין וועלאכן לאנד ?

און אלץ, ווייזט אויס, פרעגט אונדז, און אלץ, ווייזט אויס, מאנט,
און יעדעס באזונדער דערמאנט
די בלאאינקע אויגן, דאס קעפאלע בלאנד.
וואו איז זי, אין וואס פאר א לאנד ?

3

דו האסט זיך ווי א רוח׳אלע
מיט סאדזשע אויסגעשמירט,
און צו דעם בילדער־ביכאלע
מיטן פינגערל צוגערירט.

אין ביכאלע דעם ריינטשיקן
דער פלעק איז נישט פארגאן;
פון פינגערל נאר פון קליינטשיקן
איז שוין קיין שפור פארהאן.

איך האב נישט געוואוסט פון קעניגסבערגס משפחה־אומגליק, ווען איך האב אים צופעליק געטראפן אין לעמבערג. האב איך אים געפרעגט, ווי עס גייט אים און וואס הערט מען אין זיין משפחה. „מיין טעכטערל, מיין מינעניו איז אוועק״ — האט ער מיר געענטפערט, מיר איבערגעגעבן א כתב־יד און האט זיך געזעגנט. דאס זענען געווען אָט די דריי ערשטע לידער פון זיינע „קינדס טויטנלידער״, וועלכע זענען געווען געדרוקט אין „דער נייער יודישער ארבייטער פונם 9. מערץ 1923.

קעניגסבערגס טרויריקן פנים האב איך נאך ביז היינט נישט פארגעסן. נאר א אמתער דיכטער קאן זיין אזוי אין גאנצן איינגעטונקען אין טרויער.

אין א אנדערן ליד פון דעם ציקל פרעגט דער דיכטער, דער אומגליקלעכער פאטער:

אוי, מינעניו מיינע, אוי, מיידעלע מיינס,
וואס האט דיר דיין טאטע געטון?
איז דיר נישט געפעלן דאס וויגעלע דיינס,
צי׳ סבעט מיט דיין מאמען צו רון,
וואס דו האסט אונדז פלוצעם פארלאזט?

(ז)

קעניגסבעריג ליידט מיט זיין געררודפטן פאלק און אין טאן פון שפוך חמתך זינגט ער:

כוויל צומאכן מיין אויער פאר ווײ־געשרייען,
און קען עס נישט גענוג פאר זיי פארשטאפן,
און כקען נישט פאר די רינענדיקע טראפן
פון בלוט דאס זעענדיקע אויג באפרייען.

שטיי־אויף צו משפטען, גערעכטער דין,
דאס אומרעכט וואקסט, קומט ביז צום טויער קלאפן.
גיס־אויס דיין צארן אויף דיינע פיינט, וואס האבן
דיין פאלק פארלענדט מיט רויבערישע כלי־זין.

דיין צארן אויף די וואס ווילן דיך נישט קענען,
און ווילן דיך נישט אנרופן ביים נאמען.
זיי האבן אויפגעגעסן יעקבס זאמען
און זיינע וויינגערטן געלאזט פארברענען.
גיס־אויס דיין צארן אויף זיי, דיין גרים דערגרייך זיי,
און זאל פארטיליגן אונטערן הימלס הויך זיי.

קעניגסבערג שטארקט זיך פון זיין משפחה־צער. פאר זיך און פאר זיינע ברידער געפינט ער באלד א טרייסט אין דעם פאעמא: „מיין זון־געזאנג".

1

## דעם פאלק

מיין פאלק, דיר קלינגט מיין פרייער זון־געזאנג,
דו אויסגעוואקסנס אין דער וועלטנגוויט
און איינגעטונקענס אין דער גרויל פון טויט,
און אפגעלאזטס אין לאנגען גלות־גאנג!

געקאוועטס און געפעסטיקטס אין געדראנג!
מיט מאכטיקע ארעם ברעכסטו־איין דעם פלויט,
וואס שטייט אין צוגאנג צו דיין מארגן־רויט
און זעסט דיין וועג צום עתיד אין געדאנק.

און דיין נשמה פול מיט פרייד, פארגעסט
די קאשמאר־לאסט פון דיינע גלות־יאר. —
א חלום־זון! א שיין! איך זע עס קלאר —
און האף דערויף און גלייב עס שטארק און פעסט,
סאיז אויסגעזופט דער לעצטער ווערמוט־וויין,
און אונדזערע וואונטשן וועלן מעשים זיין.

2

## דעם פירער

איך האב מיין האר געטראפן אויף דעם וועג.
ער איז געצויגן צום געהאפטן לאנד.
„א, זע!" האט ער געוויזן מיט דער האנט,
און כהאב געזען: סאיז אן אנדערן שטעג

די זון געגאנגען ווי אין אלע טעג.
זי איז ארויס אקעגן מזרח־קאנט.
און מחנות פייגל זענען נאכאנאנד
נאך איר געפלויגן אויף איר נייעם וועג.

און ער האט מיר באשיידט: די זון, וואס זעסט,
דאס איז מיין הארץ. און איך מוז נאך איר גיין.
און יענע פייגל, וואס דו זעסט נאך איר,
דאס זענען הערצער, זוכנדיק א נעסט,
וואס האבן נישט געפונען עס אליין,
און וועלן עס געפונען ערשט מיט מיר.

(געדרוקט אין „דער נייער יודישער ארבייטער", לעמבערג, אפריל 1923).

דוד קעניגסבערג האט איבערגעזעצט אויף יידיש די בארימטע פאעמע „פאן טאדעאוש" פון אדאם מיצקעוויטש און אויך אנדערע ווערק פון חשובע פוילישע שרייבערס.

מיט אלע אדערן איז דוד קעניגסבערג געווען פארבונדן מיט זיין פאלק, זיין לעבנסשטייגער, זיין שפראך פון טייטש־חומש און תחינה. געצויגן האט אים צום איינפאכיקן פשוטן ליד. ער האט געבענקט נאך לעבן אין דארף, נאנט צו דער נאטור, נאר דארט איז ער געווען אפגעריסן פון דעם קיבוץ פון יידן. ער האט געגלויבט, אז דעם תיקון צו דעם אלעמען קאן מען נאר געפונען אין לאנד פון אונדזערע אבות און פון אונדזער עתיד, אין ארץ־ישראל, אבער ער האט נישט זוכה געווען עס צו דערלעבן.

פאר אונדז, פאר די מענטשן פון אונדזער דור, האט מלך ראוויטש ריכטיק אפגעשאצט די דיכטערישע פערזענלעכקייט פון דוד קעניגסבערג נאכן דערשיינען פון די „הונדערט סאנעטן": „קעניגסבערג איז פאר מיר מער ווי דיכטער און די „הונדערט סאנעטן" מער ווי לידער־בוך — זיי זענען פאר מיר איבערלעבונג. איך פיל, ווי א געזונטער, דערפרישנדיקער, ר י י נ ע ר לידער־קוואל שטייט איינזאם און אומגענוצט אין אונדזער יידישער ליטעראטור. איך זע, ווי מען טרינקט פון מוטנע ברונעמער, און איך בין זיכער, אז אט דער קלארער קוואל וועט דאך אַמאָל ווערן קלאר פאר אלעמען...
(„ביכער־וועלט", צווייטער יארגאנג, פינפטער נומער,ווארשע, 1923).

(ח)

אז די סאוויעטישע ארמיי איז ארײַן קיין לעמבערג אין יאר 1939, נאכן פארשאלטענעם היטלער־סטאלין־אפמאך, האט מען מודיע געווען אין יידישע צייטונגען, אז דוד קעניגסבערג איז אויסגעקליבן געווארן פאר פארזיצער פון דער ארגאניזאציע פון יידישע שרייבער. פריינט פון אלע לענדער האבן זיך געפרייט צו הערן, אז דער באשיידענער, אייביק שוויַיגנדיקער דיכטער האט

ארויסגעוויזן א סימן פון אקטיוויטעט. אבער צום סוף איז ער אומגעקומען, נישט וויסנדיק פארוואס און פאר וועו, ווי א סך פון זיינע חברים יידישע שרייבער און יידישע קינסטלער, ווי איינער פון די הרוגי־מלכות־סטאלין.

חיפה, תשכ״ג

מענדל זינגער.

ליטעראטור:

„דער יודישער ארבייטער" ווין, 1918.
דוד קעניגסבערג: הונדערט סאנעטען. פארלאג „דער קוואל", ווין, אבטיילונג ׳קריטיק׳, תרפ״א.
„דער נייער יודישער ארבייטער", לעמבערג, 1923.
„ביכער־וועלט", ווארשע, 1923.
מלך ראוויטש: מיין לעקסיקאן, מאנטרעאל, 1945.
„צוקונפט", ניו־יארק, 1960.

# אלעזר שמואל
# ברקון



כארבע עשרות בשנים חלפו מאז עזבתי את עיר מולדתי, וברצותי להעלות זכרונות הימים ההם — מבית אבא, מכסה ערפל דקיק את עפעפי עיני ומאחורי הערפל אט אט מתחילה לזרוח שמש נעורי, מתבהרים והולכים זכרונות העבר הרחוק.

בפרוור וולאני, דרך בואך מצפון מערב בוסקה העירה, בסמוך לגשר עץ שמעל לנחל רוקיטנה, ממש על האחו — עמד לו בית בודד בנוי עץ וגגו המשופע מכוסה פח מגולבן; בית משפחת ברקון.

בבית הזה, שעל־יד הנחל — נולד בשנת 1911 אלעזר שמואל, „קדיש" לאמו ריקל ולאביו יצחק. קדמו לו שלש אחיות: לאה יפת התואר, „החכמה", נפטרה במלחמת העולם הראשונה ממחלת טיפוס. רבקה בהירת השיער, החייכנית, ניספתה בשואה ושרידת המשפחה — שרה, פילסה לה דרך לארץ ישראל ובסמוך לפרוץ מלחמת העולם השניה העפילה עם בעלה, ובנתה ביתה ועתידה ברחובות שבדרום.

הפרוור וולאני היה מיושב על־ידי כמאה משפחות רוטינים ופולנים עובדי אדמה ומיעוטם בעלי מלאכה זעירים. הבתים בנויי עץ וגגותיהם מכוסי קש, והם השתרעו לאורך של כשלושה קילומטרים משני צידי כביש סלול. בפרוור האמור התגוררו גם שתים עשרה משפחות יהודיות, אשר עסקו במסחר קמעוני, במלאכת כסוי גגות ברעפים ובמשקי עזר חקלאיים זעירים.

גם כותב שורות אלה נולד בפרוור וולאני, בשכנות קרובה ביותר למשפחת ברקון. זוכר אני את ר' יצחק אביו של אלעזר שמואל, אשר נהג

לבקר תכופות בביתנו, לרגל עסקי־שותפות עם אבי המנוח ולא אחת עמד ר׳ יצחק המשכיל בשער, מול אבי האדוק — בויכוחים קולניים עזי־זעם, בהגינו על אחי יעקב הבכור, אשר לדעת ר׳ מנחם מענדל אבי, יצא ל„תרבות רעה״ רחמנא ליצלן, נטש למודיו אצל רבו, הרב ישכר בר באבד זצ״ל והיה לציוני „חפשי״. ר׳ יצחק הזדהה עם עמדת אחי והצדיק דרכו הציונית.

ר׳ יצחק אביו של אלעזר שמואל, תלמיד חכם היה. בקי בש״ס ובפוסקים, הציץ לספרות ההשכלה ושל התחיה הלאומית ולא נפגע. שמר על גחלת דבקותו למסורת אבות וברוחה חינך את בנו יחידו. למרבית צערו של הנער, נתיתם בטרם הגיע לעול מצוות והוא רק בן תשע, כשנלקח ממנו אביו בשנת 1920.

אחרי מות אביו, היתה אמו ריקל על כורחה ל„ראש המשפחה״ והיא קבלה על עצמה את מלוא עומס המשא לכלכלת בני ביתה, הדאגה הבלעדית לפרנסה. כחלבנית, ממכירת חלב וחלוקתו בוקר בוקר, בין לקוחותיה בעיירה, גידלה וחינכה שלשת ילדיה הקטינים.

אלעזר שמואל למד בבית הספר העממי הממלכתי, אחה״צ למד בחדר, ובשעות הערב ביקר בבי״הס העברי ולמד עברית. נער חמוד וכשרוני היה, מצטיין בלימודיו, עיניו החומות, כחולמות ניבטו, מלאות דאגה עצב ותוגה.

עזבתי את בוסק, כששכני אלעזר שמואל עודנו צעיר ורך בשנים, כבן חמש עשרה וכלל לא אצניע אם אומר, כי כמעט ולא היתה לי שהות מספקת ואפשרות להכירו בהתבגרותו, אולם מרחוק הוספתי להתעניין בו. משום מה, הלך בעקבותי, ייתכן ונתקנא בי. — אמו ריקל האלמנה, שלחתהו ללמוד בסמינריון למורים בלבוב. סיים חוק למודיו והוסמך להוראה. שימש מורה ומחנך בעירו בוסק ואף למשוררה היה.

קל לשער, מה גדולה היתה שמחתי, לקרוא בבית מורי ורבי נפתלי זיגל ז״ל בחיפה, את שירו אשר נתפרסם בשנת 1934 בירחון הספרותי „הסולל״ אשר הופיע אותה עת בלבוב, „בקצב הגזרקש״.

לא אנסה עוד לנער זכרוני, לשם העלאת קוים לדמות דיוקנו ולא אוסיף בשבח כשרונו הרב־גווני של אלעזר שמואל הי״ד, אשר ניספה בשואה. אליבא דאמת, כפי שכבר ציינתי, לא הכרתיו בבגרותו. אניח אם כן את המלאכה לבר סמכא, אשר היטיב ממני להכירו, לידיד נעוריו משנות למודיהם גם יחד בסמינריון למורים, המקדיש רשימה נכבדת להנצחת זכרו, למשורר שמשון מלצר.

אברהם שיירי.



חתונת שרה אחותו של אלעזר שמואל ברקון.



חתונת שושנה קרוון אחותו של ישעיהו, שכנתה של שרה לבית ברקון.

# אלעזר ברקון ידידי

**לבוב. אלול תרפ״ח.**

יום סתיו של זהב. לאורכו של רחוב שפטיצקיך, הנשקף אל החלון, מזהיבים העלים הגדולים המפוסקים של עצי־הערמון. עדיין אינם נושרים, ורק בודדים, יחידים־יחידים מהם, נופלים בכבדות. אבל יודע אני — ימי הסתיו החמימים יעברו, בקרוב יבואו הרוחות והגשמים, העלים יטורפו מעל ענפיהם המונים־המונים, ויפלו תחת רגלי העוברים ושבים.

לפי שעה העולם נראה לי יפה ונעים. השמש מאירה, השמים בהירים, ורק עב קלה וצחורה מתרוממת למעלה, מעל לבית־חומה, ועשנה של הארובה מטפס ועולה, מבקש להגיע אל העב הצחורה הגבוהה, אך בדרך הוא נמוג ונעלם.

על השולחן מוכנים הספרים והמחברות לשנה השלישית של הסמינר. ונייר אריזה חום מוכן, עם מדבקות מיוחדות לדבר. עוד מעט ויבוא ברקון, יחד נעטוף את הספרים והמחברות, נשוחח ונתבדח. אין כמוהו אוהב בדיחה ומבין בדיחה.



ברקון בא, ועיניו הערמוניות צוחקות, כרגיל. אך מיד לאחר שאילת־השלום אני רואה עגמימות בפניו.

— יש לכם כאן חדר יפה מאוד, הוא אומר בהפלאה שיש בה שמץ של קנאה. — כמה אתם משלמים שניכם יחדיו, אתה ושארך?

— חמישים זלוטי. כולל קפה כל בוקר.

— ואני עם שפיגלר — אומר הוא — משלמים עשרים ושמונה זלוטי וגם כן עם קפה־כביכול. בסך הכול ההבדל הוא באחד־עשר זלוטי לחודש לכל אחד מאתנו, אך בגלל ההבדל הזה אתה רואה את השמים ואת הרחוב היפה לכל אורכו, עד לגן יורא, עם עצי־הערמונים האלה מימין ומשמאל, ואני רואה חצר מרופשת ואפלה... המסקנה: אנו שנינו הננו אמנם ידידים טובים, אבל אנו שייכים לשני מעמדות שונים: אני אל המעמד הפרוליטארי...

— ואני אל המעמד הקאפיטאליסטי — אני מסיים במקומו, ושנינו צוחקים.

— שמע לעצתי — אני אומר לו — עזוב את חדרך האפל והטחוב, עזוב את השכונה המרופשת, ועבור עם שפיגלר אל הסביבה הזאת, קרוב אלי ואל בית־הספר.

— לא, לא נעבור — הוא קובע בבירור. — ויש לי כמה סיבות לכך. רוצה שאפרט לך את כולן?

— מוכן לשמוע עד שלוש.

— ובכן, ראשית: גם ההבדל של עשרים ושניים זלוטי בלבד הבדל גדול הוא בשביל שנינו. שנינו עניים גמורים. שנית: אם אנחנו נעזוב את החדר הזה,

לא יימצאו לו דיירים אחרים, שום אדם לא ירצה לגור שם, ושכר־הדירה הזה הוא חלק חשוב ונכבד מפרנסתה של בעלת־הבית שלנו. ושלישית: אני רוצה לראות את העניות הזאת, את המצוקה הזאת, אני לומד ממנה. יותר ממה שאני לומד בסמינר שלנו.

בסכין־הלחם אני גוזר את נייר־האריזה החום לחצאין, לרבעים ולשמיניות ואנו עוסקים בכובד־ראש בעטיפת הספרים והמחברות ומדביקים את המדבקות הממוסגרות והמשוננות במקומן הנכון, באמצע הסימטרי — למשל שנינו תלמידים צעירים ותמימים וחרוצים ואין לנו בעולמנו כלום מלבד בית־הספר, למשל אין מנקרות במוחנו שאלות קשות ומטרידות. אנו עובדים בשתיקה, אני המעטף והוא המסייע עמי, ושנינו חושבים את מחשבותינו.

— ברקון נתון להשפעתו של פסט — מהרהר אני בלבי. — אבל מוטב שלא לדבר על־כך. הוא לא יינזק. יותר מדי הוא אוהב את הלשון העברית, יותר מדי הוא אוהב את ארץ־ישראל, הוא לא יצטרף אליהם.

— אני יודע מה אתה חושב, — אומר ברקון פתאום. — אתה חושב שאני כבר מחוץ לזיקה, שאני כבר מאנשיו של פסט.

— אמנם, כן. על־כך חשבתי. אך לא שאתה כבר שלו, אלא שאתה נתון יותר מדי להשפעתו. וזה מסוכן.

הוא מחייך:

— מסוכן למי? מסוכן למה?

ובכובד ראש:

— תודה, שהוא בחור מופלא. יותר ממחצית ימי־הלימוד הוא מחסיר, גם בשעת ההרצאות, אומרים תלמידי הקורס הרביעי, אינו רושם דבר, אבל כשהוא נשאל — הוא קם ומרצה בשטף. משנתו סדורה לו היטב, היקף ידיעותיו מביא את המורים לידי מבוכה, הם אינם מעיזים לעשות כנגדו דבר, אף־על־פי שהכול יודעים, כי הוא אדום...

— וזאת הסכנה.

— וזה הקסם. וכשהוא מדבר — אתה עומד כנגדו אילם ואין בפיך שום תשובה. מעשי הציונים כאן נראים לך נלעגים, ה„לאנדספוליטיק" שלהם שווה כקליפת־השום, ועל ארץ־ישראל אינם חושבים ברצינות. והרי אתה רואה, מה יחסם אל התרבות העברית, ואל הסמינריון העברי שלנו.

ברקון כועס. בעיניו הערמוניות זוהרים ניצוצי־חרון:

— שתי גימנסיות גדולות יש בז'טס"ל, ובהן כיתות מקבילות רבות. ובית־ספר עממי לדוגמה עם כיתות רבות. ולכולם יש מקום בבית הגדול הזה ברחוב זיגמונטובסקה 17, ללמוד בו לפני־הצהרים, בשעה שדרך בני־אדם ללמוד. ורק לנו לא נמצא מקום, רק אותנו דחו לאחר־הצהרים.

— נמצא שהשאירו לנו את מיטב השעות שלפני־הצהרים — אני מנסה לנחמו נחמה־כלשהי — ונוכל לקרוא וללמוד משהו לימוד של ממש.

— זה נכון, אבל נכון גם שלא נקבל לפני־הצהרים שום „שיעורים", ולא יהיה לנו ממה להתפרנס.

הוא מדבר בלשון רבים, מדבר בעדו ובעדי גם יחד. אבל שנינו יודעים, שיש כאן הבדל גדול. אני יש לי תמיד שיעור אחד או שניים — כהשלמה למה שאני מקבל מבית־אבא. הוא יש לו תמיד שניים או שלושה, ומבית־אמא שלו אין לו ולא־כלום.

הוא אינו מספר על ביתו, ואני אינני מעז לשאול. אבל אנו יודעים: אמו מפרנסת את ביתה בעמל קשה. קונה חלב מן הגויים שכניה בפרבר ונושאת אותו העירה לחלקו בבתי־היהודים. מלבד הבן יש עוד שתי בנות, וקנקני החלב אין בכוחם לפרנס ארבע נפשות. צרורות מזון מקבל ברקון מזמן לזמן מאמו שבבוסק, אך לשכר־לימוד, לספרים, והלבשה כלשהי, לארוחות־צהרים ואותם ארבעה־עשר זלוטי לחדר ולקפה־כביכול — הוא חייב להשתכר בשיעורים. עכשיו נטלו ממנו אפשרות זו, והוא זועף.

— אבל אל תחשוש — הוא אומר אחרי שתיקה ובעיניו שוב האורה הטובה — אני לא אתפתה ולא אלך אחרי פסט האדום־האדום הזה. בדבר אחד דומה תורתו לתורתם של המנהיגים הציוניים שלנו: גם זו וגם זו דוחה את הגאולה לימים רבים, כמעט לאחרית הימים. ואני רע לי כבר עכשיו וכבר עכשיו דרושה לי גאולה. הנה אתה, כבר מצאת לך גאולה. יש לך כזאת גם בשבילי? — הוא שואל פתאום, ספק בשחוק ספק בכובד־ראש. שנינו צוחקים מן המיפנה הפתאומי בנושא.

— בחור יפה ונחמד אתה — מנסה אני לעודדו — ובקרוב בוודאי תמצא גם אתה לך גאולה כלבבך. כשם שאירע לי, כן יארע גם לך.

— לא הרי אני כהרי אתה — טוען הוא — אתה בר־מזל, אותך הבנות אוהבות, ואותי...

— עתידות הן לאהוב — מבטיחו אני — הרי אתה צעיר עוד, צעיר ממני בשנה ויותר.

יותר מזה אין אנו מרחיקים בנושא הזה. אלה הם דברים המסורים ללב ואסור שיהא הפה מסיח בהם. ובייחוד שהנערה, זו שהוא קורא לה „גאולה" שלי, גרה בסמוך, וכל רגע היא עשויה להיכנס לכאן.

עוד דבר יש שאין אנו מסיחים בו, אף־על־פי שהלב היה רוצה מאוד: השירה. הוא יודע שאני כותב שירים בהיחבא, ואני יודע שהוא כותב שירים בהיחבא. שנינו כותבים שירים ומעתיקים אותם למחברת. גדולים ומבוגרים אנו מכדי להראותם למורים לשם חוות־דעת, ועתון עברי עם עורך עברי, שאפשר יהיה לשלוח לו שיר ולבקשו לפרסם או להסביר למה לא יפרסם — אין בימים ההם בגליציה ובכל פולין כולה. וארץ־ישראל רחוקה, רחוקה עד מאוד, ולפי שעה אין לנו שום קשר ממשי אתה.

עוד נושא משותף יש לנו שאנו שותקים עליו יחד. הוא יתום מאביו. נער רך היה, לפני בר־מצווה, כשנלקח אביו ממנו. ואני יתום מאמי, ילד בן תשע הייתי כשמתה עלי. עכשיו, לאחר תשע שנים נוספות, תקפה אותי העצבות ההיא בכל כוח. משל, מה שלא יכלה הילדות להכיל בלב ולתפוס בשכל במלוא העוצמה — נדחק ונשתמר לימים רבים לשנות הנעורים, ועכשיו העצבות הזאת

תובעת את שלה בכל תוקף, כמין אבלות שנדחתה עד שיגיע זמן פרעונה. ברקון ידידי נראה אף הוא כנתקף ונתבע — והריהו מחליף את שמחת־נעוריו בתוגה עמוקה, פורט שנות־הגיל לשעות של צער, ומשלם ומשלם...

אף על כך אסור ואסור לדבר. דבר נאה היה זה, אילו היינו שנינו בוכים פתאום יחד כילדים, או כילדות... שנינו שומרים על סוד היתומים, על כבוד היתומים.

ב

לבוב, אלול תרפ״ט.

תלונתו של ברקון על הלימודים אחר־הצהרים היתה מוצדקת. קשה היה להשיג „שיעורים" לפני הצהרים, וקשה היה לשבת בכיתה אפלולית וללמוד אחר־הצהרים. אף אני, הבר־מזל ל„שעורים", מזלי בגד בי. זמר אחד צעיר, שנתייאש מן האופרה וביקש ליעשות חזן, בא אלי שאהיה מלמדו את פירוש המלים של קטעי הסולו שהוא שר כבר עתה כעוזר לחזן ושל כל התפילות שהוא עתיד לשיר כחזן עצמאי. אף קבע לי שכר יפה, מלכותי ממש. אך לאחר שלמד חודש ומחצה, ג׳ פעמים בכל שבוע בשעות־הבוקר המזהירות — נעלם ולא ראיתיו עוד, לא אותו ולא את השכר המלכותי שהבטיח לי.

— ראוי אתה לעונש זה — התבדח ברקון — מפני שביקשת לתת לעם ישראל כלי־קודש נוסף אחד, ועוד עם־הארץ גמור... וכי משום שנפסל לאופרה כבר ראוי הוא להיות שליח־ציבור ולתווך ביני ובין ריבון העולם?

ברקון טענות כבדות־משקל יש לו אל ריבון־העולם, ובאמת אינו יכול לסמוך על מי־שלא־יהיה שיהיה הטוען והדורש בשמו. אף הוא עצמו אינו טוען את טענותיו. לא לפני הקב״ה ולא לפני הבריות, ואף לא לפני ידידו הטוב. רק מן המרירות שבבבת־שחוקו המתוקה, מן השלהבהבת שבבבת־עינו הנוגה, הן בוקעות ועולות.

אף־על־פי כן רוחו טובה עליו עתה. השנה הקשה של לימוד אחר־הצהרים חלפה, ועתה אנו לומדים לפני־הצהרים. ולא זו בלבד, אלא חידוש גדול נתחדש עלינו: בית־הספר נעקר מזיגמונטובסקה 17, והוא נשתל מחוצה לעיר, בפרבר סיגניובקה. כל בוקר אנו נוסעים לשם בחשמלית עד סופו של הקו, ומן התחנה האחרונה והלאה אנו מהלכים ברגל. בימות הגשמים והשלגים עתידה הליכה זו להתגלות כפורענות קשה, לפי שעה בראשית הסתיו, „סתיו הזהב" של פולין, היא נראית לנו כטיול של עינוגים.

עוד שני דברים גדולים ונפלאים נתחדשו עלינו: השירה החדשה של ארץ־ישראל, ויוליאן טובים. עד עתה ידענו מן השירה החדשה של ארץ־ישראל מה שהיה כלול ב„לשון וספר" של יעקב פיכמן ,חלק ג׳ וחלק ד׳, את האידיליה „יובל העגלונים" של דוד שמעונוביץ, שהגיעה אלינו בחוברת דקה של „קופת הספר" ומשה פלד לימדה באותה קדושה ובאותה חמימות־הלב שבהן לימד את נבואות ישעיהו וירמיהו, וכן ידענו אותה מ„מצדה" של יצחק למדן, שנתגלתה לנו בטופס אחד ויחיד והיתה־עוברת מיד אל יד, על־פי תור שנקבע. עכשיו הגיעה

לידינו חוברת קטנה וחיננית של אברהם שלונסקי אחד: „לאבא אמא״, ואחר־כך ספר שלם שלו: „בגלגל״ — ואנו קוראים וחוזרים וקוראים ונפעמים ממנו.

גילוי שני הוא יוליאן טובים. הנערות המתקשות בלימודים היהודיים, הנזקקות לנו, הבחורים, כל פעם שיש לכתוב חיבור עברי, הן הן שסיפרו לנו עליו, שהביאו ונתנו בידינו את „הסתיו השביעי״ ואת „סוקראטס הרוקד״ — ואנו קוראים וחוזרים וקוראים ומשתכרים ממנו.

ברקון ואני מסכימים שנינו, שאין וגם לא ייתכן שיהיה משורר כזה בעברית. משום שהלשון אינה רכה למדי, גמישה למדי. שנינו אוהבים את העברית, אבל מרגישים בחסרונותיה.

— הבא ננסה לתרגם שיר אחד של טובים ללשון הקודש — אומר ברקון — ונראה אם נצליח בכך, לפחות הצלחה חלקית.

אנו יושבים משני עבריו של השולחן וכותבים בקדחתנות את שורות התרגום. ומעתיקים באותיות גדולות, ומנקדים וקוראים זה באזניו של זה. שנינו מודים, שהתרגומים אינם שקולים כנגד המקור, אך להפתעתי אני רואה ומודה, כי תרגומו שלו, של ברקון ידידי, טוב יותר משלי, ואני מעתיקו אל מחברתי להשוואה ולמזכרת:

### יוליאן טובים / חיי שלי

רְעָדָה, חֲזוֹן, טִיסָה. חֵשֶׁק עָז,
הָרִים, עָבִים, נְגוֹהוֹת, דָּמִים,
דְּמָעוֹת, רְגָעִים שׁוֹשָׁן, שֶׁמֶשׁ פָּז,
בְּכִי, מַזָּר, אֵימוֹת, דָּמִים —
הוֹ, חַיַּי, חַיַּי שֶׁלִּי!
הוֹ, חַיַּי, חַיָּי שֶׁלִּי!

קְחָה, אַבֵּד, פַּזֵּר, הַשְׁחֵת,
בְּעוּף, בִּצְחוֹק, בַּחֲרוֹן, בְּשִׁגָּעוֹן,
חָיֹה, חָלוֹם, יַלֵּל, רְתֵת,
טוּסָה, עוּפָה, רוּץ וְדַלֵּג בְּאוֹן —
הוֹ, חַיַּי, חַיַּי שֶׁלִּי!
הוֹ, חַיַּי, חַיַּי שֶׁלִּי!

כְּאֵב? וָמָוֶת? בָּרוּר כָּל-כָּךְ!
אֵדַע, אֵדַע: רַק קֶסֶם שָׁוְא!
לֹא-כְלוּם! כָּל יוֹם — צִפּוֹר פָּרַח!
רַק גוּז וָטוּס! הַפְלֵא וּסְבֹב!
הוֹ, חַיַּי, חַיַּי שֶׁלִּי!
הוֹ, חַיַּי, חַיַּי שֶׁלִּי!



גם הפעם החדר שאני גר בו מעורר את התפעלותו של ברקון. החדר גדול, גבוה, מצויר יפה, נקי־נקי ועם חלון גבוה. אנו מתייצבים ומביטים החוצה. הרחוב רחוב ראפאפורט, והוא נטוע עצים משני עבריו. ממול ניצב הבניין הגדול של בית־החולים היהודי. מבחוץ הוא נראה נאה ושליו, והאדמומיות הבאה לו מן הלבינים השרופות החשופות מתמזגת יפה עם הצהוב והחום של השיחים המסתיווים שבגינה שלפניו.

— יש לך מזל לחדרים יפים — אומר ברקון.

— בעלת הבית אשה אצילה — אומר אני — ורואה בעין יפה את מאריאשה שלי, כשהיא באה אלי לפעמים, ונוהגת בה כבוד. אבל הרחוב...

— מה יש לך כנגד הרחוב היפה הזה? — שואל ברקון בתמיהה.

אני מסיח את דעתו מן הנושא הזה וחוזר אל טובים ואל התרגום.

— רואה אתה — אני אומר לו — תרגומך טוב הרבה יותר משלי. אבל עדיין אינו מושלם גם הוא. ראה, למשל, את החרוז הצולע בבית השלישי: „שוא" / ו„סבוב".

— זהו שריד של ההברה האשכנזית שלנו — הוא מתנצל — לא קל להיפטר מזה. טוב שהעירות לי. ברגע אחד (כך, בהתזת הרי"ש) אני יכול לתקן זאת.

אנו חוזרים אל השולחן ושנינו מבקשים תקנה לפגימה, חרוז שיהיה שלם ועל טהרת „ההברה הספרדית". יש לנו כמה הצעות, אבל כל אחת דורשת סטייה גדולה מן המקור ואיננה מניחה את הדעת.

מן הרחוב עולה המולה של בני־אדם. ברקון עדיין עסוק ברדיפה אחר החרוז הטוב־ביותר, אבל אני יודע מה פשר ההמולה. פתאום נשמעת יללה מחרידה של אשה, ושנינו קופצים אל החלון. לוויה של בן או של בעל, והאם או האשה הערתה את כל כאבה בצווחה הזאת. כמו בעיירה הקטנה מהלך גם כאן אחד ומקשקש בקופסה של פח ומכריז „צדקה תציל ממות!" אלא שהמת אינו נישא על־גבי ה„מיטה", אלא מוסע בעגלה, במעלה ההר, אל בית־הקברות של יאנובסקה.

שנינו עומדים על־יד החלון, דוממים ושותקים — ונזכרים כל אחד בלוויה אחרת.

— בוודאי אתה רואה כאן כל יום לוויה כזאת — אומר ברקון לבסוף.

— לא — אני משיב. — לא כל יום, אלא כמה פעמים בכל יום.

— הו, חיי, חיי שלי! — אומר ברקון, ולא ברור לי אם הוא מצטט את תרגומו משל טובים או מדבר בשמו שלו, ואולי בשם שנינו.



שוב אין זה סוד, שכמה מן התלמידים של המחזור השני יש להם „כשרון ספרותי". המנהל החדש, מר מלך זילבר הטוב, מתימטיקאי הוא לפי מקצועו וידיעותיו בעברית רופפות. אבל הוא סומך על המורים לספרות וללימודי־היהדות ומבטיח את עזרתו להוצאת חוברות ליטוגרפיות אחדות „לנסיון". מי יודע, אולי יצמח מהן כתב־עת עברי ממש. לפי שעה אמנם חייבות החוברות להיות דו־לשוניות: עברית ופולנית גם יחד.

„בדרך" — הוא השם שקראנו לחוברת הראשונה, שהופיעה בחודש טבת תר"ץ, ואין צריך לומר, כי הכוונה היא בדרך לארץ־ישראל. „החוברת הזאת נדפסה ב־300 אקסמפלרים ועמודיה עשרים וארבעה, וזה תכנה: לחוברת הראשונה — ב. היילפרין; עם שקיעת החמה — א. ברקון. — —"

כן, שירו מצא כל־כך חן בעיני ה„מערכת", עד שקבענו אותו בפתיחת החוברת. גם בימים ההם בוודאי לא נעלם מאזנינו, כי „מערבה" / „כבה" הוא חרוז אשכנזי—ספרדי, כלומר מלעילי ומלרעי מעורב, ולא נעלם מידיעתנו, כי טשרניחובסקי הוא־הוא המדבר מתוך פי־עטו של ברקון; אך מי מאתנו כבר היה בימים ההם הוא עצמו, בלי תערובת של השפעה?

### עם שקיעת החמה

כְּכַדּוּר אֵשׁ־זָהָב כְּבָר נָטָה מַעֲרָבָה
הַשֶּׁמֶשׁ וַיֶּאְדַּם,
אַט צָלַל הַתְּהוֹמָה, אַךְ טֶרֶם עוֹד כָּבָה —
וַיַּשְׁלֵךְ לַצְּדָדִים

אֲלֻמּוֹת שֶׁל אוֹרוֹת חַכְלִילִים,
נְגוֹהוֹת אֲדֻמִּים,
וּפָגַשׁ גַּל שָׁנִי בְּעָבִים־נְפִילִים,
בְּעָבִים אֲיֻמִּים;

וּפָגַע זִיו שָׁנִי גַּם עַרְפַלֵּי זֹהַר,
עֲנָנִים צְחוֹרִים,
וְהָיוּ כְּלִבְנַת הַסַּפִּיר לְטֹהַר
הֶעָבִים הַטְּהוֹרִים.

אָז רָחֲצוּ עֲנָנִים בְּיַמִּים שֶׁל דָּמִים
וַיִּשְׁתּוּ לִרְוָיָה,
לַפִּידֵי הַחֲרְסָה, וְטָסוּ כְּנָמִים—
כְּאַחֲרֵי הַלְוָיָה;

כְּסִירוֹת מְקֻסָּמוֹת, מוּפָּזוֹת, מְזֻהָבוֹת —
וְנוֹצְצוּ כִּבְרָקִים;
וּפָרְחוּ וְחָלְפוּ כִּרְשָׁפִים, כְּלֶהָבוֹת,
בְּמֶרְחַב הַשְּׁחָקִים — — —

החוברת עוררה הדים רבים, סבורים היינו, כי אמנם אנו נמצאים בדרך, כי יצאנו לדרך־המלך. אולם עיקר האכזבה עוד היה צפוי לנו: בסוף „הקורס הרביעי", בזמן ש„הקורס החמישי" הגיע אל בחינות הבגרות, נודע לנו כי הסמינר עומד להיסגר ותלמידיו יצטרכו להתפזר אל כל אשר ישאם הרוח.

לבוב. טבת תרצ"א.

שלושה חדשים נמשכה ה„סערה" השקטה ונמשכו ההתמרמרות ואי־הוודאות בדבר גורלו של „הסימינריון העברי למורים" בלבוב. כל יום חיכו להודעה בעיתון על חידוש הלימודים — ולא באה. אבל נתקבל מכתב קצר ומרגיע מאת ד"ר מאיר גייאר הישיש: עושים הכול לחידוש הלימודים. עכשיו „הגורמים הקובעים" עוד לא חזרו לבובה ממקומות־הקיט. עם ראשית שנת הלימודים ישובו — ויעשו הכול כדי שלא לאכזב את התלמידים ואת שוחרי התרבות העברית.

בינתים הטובים שבתלמידים ובתלמידות עושים הכנות לעזוב את „הסמינריון הזה". מהם משתדלים לעבור לווארשה ולהתקבל בסמינר למורי דת של פרופ' מ. שור, ומהם מתכוננים לעבור לווילנא, לאחד משני הסמינריונים הקיימים שם.

ברקון אינו עושה הכנות. מורה־דת אינו רוצה להיות. ולווילנא אינו יכול לנסוע; אפילו להוצאות הדרך לשם אין לו. הוא מצפה איפוא לבשורה מלבוב.

היא מאחרת לבוא, אבל היא באה: אחרי סוכות מתחדשים הלימודים. יש אגודה מחודשת, שתדאג למוסד. ויש מנהל חדש — יעקב נתנאלי־רותמן. אנו מכירים אותו כאחד המורים של ז'טס"ל ויודעים שהוא משורר עברי. לא קראנו את שיריו, אבל כידוע שהם נדפסו ב„התקופה". והחידוש הגדול ביותר: „אגודת הנשים היהודיות" (מעין ויצ"ו של פולין) מסרה לסמינר קומה שלימה בביתה היפה במרכז העיר, בפלאץ שטשלצקי! ההרשמה ל„קורס הראשון" היתה טובה. הכיתה מלאה. גם שאר הקורסים מאוכלסים יפה. ורק שלנו, זה שהוא עתה „המחזור השני", מדולדל: שלושת חודשי ההיסוסים הבריחו ממנו את החצי. עכשיו הם בווארשה ובווילנא — ומצליחים להיקלט יפה.

